# באַמערקטע דרוק־פעלערן

| זייט | שורה | דאַרף זיין: |
|---|---|---|
| 69 | פירטע | מיין הייסן קאָפּ |
| 69 | זעקסטע | מיין שמאָלע האַנט, |
| 78 | פינפטע | וואָלט איך געלעבט זיך |
| 78 | זעקסטע | אי שטיל אי באַזאַכט |
| 99 | ערשטע | געלעסטערט ליגט אין טומאה טיף געהייליקט פּיין, |
| 109 | ערשטע | עס האָט געליכטיקט זיך ווייסער ליין אין ווייטן פעלד |
| 114 | דריטע פון אונטן | ׳נען אין דיר מיט בלאָסע טריט |
| 116 | צווייטע | אַ קליין שקאַטולעכל מיט גאָלד געשניצטן ראַנד |
| 123 | 15־טע | און כ׳וועל מיך לאָזן גיין פּאָרויס אין אייביקייט אריין. |
| 129 | 8־טע פון אונטן | און צעזינגען דיר דיין נאָמען |
| 140 | ניינטע | טירן שטייען אָפן. |
| 156 | זעקסטע פון אונטן | אין פיינדשאַפט איז ניטאָ קיין תקומה. |
| 162 | צווייטע | וואָס בינסט געשטאַנען זייט ביי זייט מיט אַלע בורן |
| 165 | פירטע | אָ, די מאַרוויכער דושענקענדער |
| 170 | פירטע, פערז ד. | און דאָס גאַנץ געררויש. |
| 172 | פירטע | וווהין זאָל ער ווייטער גיין |
| 184 | דריטע | געשפּיגלט זיך אין זיידן יעקב פרוש |
| 186 | פירטע, פון אונטן | מאַכט זיך אַ ברית, אַ דבר מצוה פאַראַן |
| 190 | 11־טע פון פערז ב. | אין כוסטעס פּאַרכוואַליעט |

שרה אייזן

# געקליבענע לידער און פּאָעמעס

ארויסגעגעבן ביים פאַרלאַג פון
דער דרום־אַפריקאַנער יידישער
קולטור־פעדעראַציע

יאָהאַנעסבורג / קייפּטאָן
תשכ"ה — 1965

GEKLIBENE LIDER
UN POEMES
BY SARAH AISEN

PUBLISHED BY SOUTH AFRICAN YIDDISH CULTURAL FEDERATION, JOHANNESBURG AND CAPE TOWN, 1965.

Made and printed in South Africa by Pacific Press (Pty.) Ltd., 302 Fox Street, Johannesburg.

# ברוינע צעפ

איך טרוים נאָך אַלץ אין נעכט אין שטילע
און פאַרטרוי די ווינטלעך קילע,
ניט געשטויגן,
ניט געפלויגן
פון אַ יונג מיט טונקעלע, מיט טיפע אויגן.

עס בענקט נאָך דיר מיין ברוינע קליידל
און מיין שוואַרצער שילער־שירצל אין קאַמאָד ;
כ׳בין נאָך אַלץ דיין שלאַנקע טרויעריקע מיידל
עס איז מיין טאָג־ביכל פארשלאָסן אין שופלאָד.

ב.

איך בין פארליבט נאָך
אין ראַבינדראנאַט טאַגאָרן,
בלאָנדזשע אום נאָך אויפדערנאַכט
אין פעלדער־קאָרן
פלעכט דיר קרענץ פון בלאָע בלימלעך
און פארקוק זיך לאַנג אויף ווייטע הימלען.

# לעצטער שול־טאג

א.

דעם רימענדל ארום די העפטן
און די ביכער דיינע,
פאַרגין איך ניט, מיין יינגל, דיינע הענט.
איך האָב דיין נאָמען דאָ
צעשריבן היינט אויף אלע ווענט
און צעקריצט אויף אַלע בענק
די איניציאַלן — S און G
זע ווי זיי שטראַלן
ווייס אַראָפּ פון שוואַרצן האָלץ.

ב.

בינסט אַ גלייכער שוין אזא
און שטאָלץ טראָגסטו דיין העלן קאָפּ.
וואַרט נאָר יינגל ! —
כ׳וועל צוזאַמען היינט מיט דיר
די טרעפּ אַראָפּ.

לאַנגזאַמער פאַרשנירעווע די ביכער דיינע
לאָז מיר נאָכאַמאָל
דאָ אָנקוקן די ווענט.
— די רימענדלעך אזוינע גלאַנציקע און ברוינע
אין דיינע שמאָלע, בלאַסע הענט.

# דיין קול

איך וועל דיר אויסקושן דיין קול,
איך וועל דיר אויסקושן די אויגן
יינגל,
יינגל,
כ׳האָב אַ בלעטעל היינט אין לידער־בוך פֿאַרבויגן.

כ׳וועל דיר אויסקושן דיין קול,
אָנמאָלן אַ בלאָען בלימל —
שווימט און שווימט היינט ווי אַמאָל
אונדזער עלנט וואָלקנדל אין הימל.

# א שילער איז פארביי

פאַר מיין שול־חברטע רבקה.

אַ שילער איז פאַרביי און צוגעזען: —

דו האָסט געדריקט מיין האַנט.
אַ קלעריק האָט פאַרבייגעשלייכט
אין ברוינעם טראַכט,
פאַרביי ווייסער קלויסטער וואַנט.

ווייִנט נאָך אַלץ דער שילער,
מיטן רענצל אין דער האַנט
נאָך אויפן ראָג מאַיראַניאַ,
און קלעריק הינטער ווייסער וואַנט
קניט נאָך אַלץ פאר ׳גראַציאַ פליענאַ״.

— — — — — — — — — —

קוקן זיי מיך תמיד אָן
ווען כ׳גיי אויף יענער גאַס,
און דו בינסט ווייט
און ס׳איז געווען אַ שפּאַס...

# שול־באַנק

א.

גערענטשט זאָלסטו זיין און דיין טרויעריק קול,
געלעבט האָט אַ יינגל אַ בלאָנדער אַמאָל.
— — — — — — — — — —
אַ שול־באַנק, אַ טישל, אין ערגעץ אַ לאַנד,
אַ טאָוול אַ שוואַרצער אויף ליכטיקער וואַנט.
און בילדער צעהאַנגען :
אַטען און פּאַמפּיי,
לאוקאָן אין שלאַנגען,
און ס׳פאַלט אַלץ אַ שניי
אויף געזימסן און דעכער
און העכער
נאָך הויבט זיך מיין יונגינקער קאָפּ
ארויף צו די וואָלקנס.

ב.

פאַלט איין אַ יינגל :
— בינסט ווייט שוין פאַרפלויגן ?
אָט פאַלסטו אַראָפּ ! —
איז ליכטיק מיר ווידער
און כ׳זינג דיר שוין לידער
שטיל און פאַרחלומט מיט קינדישן קול.
— געזען כ׳האָב אַ פּאַלאַץ אַ ווייטן אין פלאַמען
אין וואָלקן דאָרט שוועבן,
אַ יינגל געפאַנגען און בענקט נאָך דער מאַמען...
זיצסטו דערנעבן און נעמסט מיך ביים האַנט,
לאַכסטו :
און ס׳לאַכט מיט דער טאָוול דער שוואַרצער
מיט פאָרמולעס בייזע, אויף ליכטיקער וואַנט.

# גימנאַזיסטקעס

מיין שול־חברטע פייגעלע יפה.

א.

מיר זיינען אויפגעשטאַנען פרי
און לאַנג דערציילט זיך,
לאַנג געפלוידערט :
ווי כ׳בין געזעסן VI-SA-VI
מיט דיין ברוינאויגיקן VOLODJA
און דו דערציילסט
ווי ר׳האָט געגלעט
דיין האַנט אמאָל,
ביינאַכט ביז שפּעט.
און ס׳פאַלט אַ שטראַל,
אַ קרומער שטראַל
אויף אונדזער ווייסן איבערבעט.

ב.

דו הויבסט זיך אויף
און שאָקלסט אָפּ
דיין דין געשניצטן שוואַרצן קאָפּ
און זאָגסט פאַר זיך :
— כ׳בין שיין און טריי,
נאָר יינגלעך און מזלות־מאַי
געפינסטו פיל.
צעלאכסט זיך שטיל
כאַ־כאַ, כאַ־כאַ,
— ס׳אַ שיינער שפּיל אזא,
טראַ־לאַ.

# נירוואנא

מיין שול־חברטע ד״ר מיכל דימיטראָחסקי.

וואָס זאָל איך נאָך וועלן דאָ אויף ד׳רערד,
צו וואָס נאָך שטרעבן ;
אז ס׳איז א דופטיק מעשה׳לע אזא דאָס לעבן
אז ס׳איז אזוי באַשערט.

וואָס זאָל איך נאָך וועלן מער ?
איך האָב באַגעגנט דיך
אויף איינעם פון די וועגן,
האָסטו דיין טייטל־שטאָק
צום אָנלען מיר געגעבן
און מיך געהייליקט מיט דיין טרער.

# יונגע שפּראַצן

שוין גוט אַזוי צו זיצן שטיל
צווישן חברטעס אויף לעצטן באַנק,
דיך אָנקוקן דורך שירצל־טיול
און פֿויל זיך צוהערן צום לערערס גאַנג ;
פֿון טאָוול ביז צום וואַנט,
און ווידער ביז צום טיש ;
און דאַן צעטראָגן און אין איילעניש
דערקלערן ראָמאַנטיזם און ליריק,
און ווידער זעצן זיך צוריק.
און אָנקוקן דיך לאַנג,
צווישן חברטעס אויף ערשטן באַנק.

# אביטורענטן־ליד

דעם לערער — י. בינימינוביץ.

אָ מיידל קליין,
אָ מיידל פרום,
ניט זיי זשע בלינד
ניט זיי זשע שטום
ווען אַלץ ארום
רופט הילכיק — פרייד!

אָ מיידל קליין
ס׳איז ניט קיין זינד
זיך יאָגן מיטן פרילינגס ווינט.

וואַרט אַ יינגל ערגעץ ווו,
אויגן שוואַרצע, אויגן פלאַמען:
וואַרט מיין יינגל,
כ׳וועל זיך זאַמען —
כ׳דאַרף נאָך לערנען
V + U



„פייער־פויגל" — ליפּע ליפּשיץ.

# איך בין א שטראל

איך בין אַ שטראַל
אַ זילבער־קוואַל
אַ באַרגיק שטראָמען
כ׳האָב געזען דיך כ׳האָב פאַרגעסן שוין
דיין נאָמען
דיינע אויגן דיינע ליפּן
אָפּגעקושט,
און פארחושט
זיך געלאָזן הוידן, היפּן,
איבער בערג איבער ימען —
יינגל :
האָסט אזוינע טרויעריקע ליפּן
— — — — — — — — — —
כ׳וועל אָבער פאַרזאַמען !

# א פייגעלע א גרינס

איך בין אַ פייגעלע אַ גרינס ארויס פון שטייגל
איך בין אַ צווייגל.
טראָג איך זיך ארום א גרינגער צווייגל איבער גאַסן
און יונגעץ זיינעץ אזוי שטאַרק און אזוי שלאַנק,
פייפט עמעצער אַ בלאָנד געזאַנג
אין שטייף געשטרייפטן ראָק מיט טונקל גרינע פאַסן.
און יונגעץ זיינעץ אזוי שלאַנק און אזוי הויך,
מיט האָפערדיקן גאַנג מיט סיגאַרעטן רויך,
מיט הענט פאַרלייגטע אין די טאַשן —
...און איך בין בלויז אַ צווייגל,
אַ פייגעלע אַ גרינס ארויס פון שטייגל...

# שיר־השירים

דו ביסט אַ ליד
אַ ווייטער קלאַנג,
אַ תּפילה־הויך
אַ שטיל געזאַנג.

אַ שטיל געזאַנג
גייט אויף און לויכט
מיט טרערן — פּערל־טוי באַהויכט
האָסט מיך געקרוינט.

האָסט מיך געקרוינט
אין מאָרגנרויט
מיט גרינגער פרייד —

און אויפדערנאַכט
צעזינגסטו מיר
מיין אינגעווייד.

# געדענק איך שוין

געדענק איך שוין דיין נאָמען אויפן קול
און ס׳איז מיר ליכטיק היינט ווי אלעמאָל
ווען דו ביסט ווייט און נאָענט אזוי —
און אז דו האָסט געקושט מיר אויף די אויגן
האָב איך געוווסט
ניט געשטויגן,
ניט געפלויגן.
עס האָט געגלוסט זיך זאָגן :
— יינגל, שוין.
נאָכאַמאָל
און קענסט שוין גיין.

# בלאס און ווייט

בלאַס איז ווייט אין זילבער נעכט,
בלאַס און יונג לבנה סערפּ,
בלאַסער איז דיין שטערן נאָך
ווען דו גייסט פון מיר אַוועק.

ווען דו גייסט פון מיר אַוועק
בויגן ליליען שלאַנקע קעפּ,
וויינען וואָלקן אין דער הויך —
וואָלקן בלאָ און וואָלקן־רויך.

# עקראַן

מינגען.

אַ לידל — אַ וואָלקן,
אַ לידל — אַ בלום,
אַ גאָרטן,
אַ טירל,
אַ מיידל־קאָפּ,
— קום!

אַ לידל — אַ וואָלקן,
אַ לידל — אַ רויז,
אַ צוים
און אַ טירל,
אַ טונקעלע הויז.

ב.

אַ טרעפּל ארויף
און א טרעפּל אראָפּ —
אַ ליכטיקער שמייכל,
אַ גאָלדענער צאָפּ.

אַ בליק
און אַ בויג
אין אַ שטאָלענע האַנט —
איך האָב דיר געפונען
דאָס זוניקסטע לאַנד...

אַ ליד
און אַ רויז,
און אַ קוש,
און אַ טרער.

עס קומט נאָר איינמאָל
און עס קומט שוין ניט מער.

ג.

אַ טרעפּל ארויף
אַ טרעפּל אַראָפּ,
אויף פֿאַרבראָכענע הענט
אַ געבויגענער קאָפּ.

אַ גאָרטן,
אַ טירל,
אַ ווינטיקער בוים,
אַ לידל — אַ וואָלקן,
אַ לידל — אַ טרוים.

# דזשאַז'־באַנד

אונדזער טאַנץ — א ווילד געפילדער,
אונדזער טאַנץ איז דזשונגל ווילדער.
זעסט, איך צאַנק...
רויטער בענקשאַפט אין פאַרנאַכטן
רינגלט וואַלקן בלאָ־פאַרטראַכטן —
טוט מיר באַנג.

בין איך הפקר,
דו ביסט הפקר —
קראַכן מעג אַ וועלט!
וואָס מיין לעבן
וו דיין שטרעבן
— כ'בענטש און שעלט!

העי, וואָס שטייסטו?
ברעך די גלעזער,
גיס דעם וויין,
ביז באַגינען וועט פאַרגרויען
בין איך דיין.

וועל איך דיר שוין זאָגן
וואָס איך האָב געוואָלט,
כ'האָב דיך שטאַרקער פיינט
ווי שטאַרק איך האָב דיך האָלט!

# פיאלעטע אונטערגאנגען

אויגן דיינע — זונען רויטע,
צונטער רויטע אונטערגאַנגען.
כ׳קום מיט אָרעמס אויסגעשפּרייטע —
שלומערן פיאָלעט פאַרהאַנגען.

שלומערן פיאָלעט פאַרהאַנגען,
הילסטו מיך אין בלאָען קיל.
גייען אויף אין ווייט געזאַנגען
זיצן מיר אינצווייען שטיל.

זיצן מיר אינצווייען שטיל,
דיינע אויגן — אונטערגאַנגען.
זאָל שוין זיין היינט וואָס עס וויל...
— ס׳איז מיין האַרץ אין רויט פאַרגאַנגען.

# סתם אזוי...

לידער —
וועל איך דיר שוין זינגען סתם אזוי.
הער צו בעסער
ווי עס בענקען
ווי עס קלינגען
מיינע רינגען.

מיינע גלידער
ווערן מידער,
מיד און מידער.

הער צו בעסער
ווי עס שמאַכטן,
ווי עס רוישן
קרעפּ־זשאָרז׳עטן
אויף די שמאָלע אַקסל מיינע,
ווי עס בעטן
ווייסע פינגער...

מיינע פינגער
ווערן ייִנגער,
יונג און ייִנגער
פון די דופטענדיקע גלעטן דיינע..

לידער —
וועל איך דיר שוין זינגען סתם אזוי.

# דורכן פענצטער

סטודענט פּ״ס, בריק־גאַס, קאָהנע.

כ׳האָב געקושט דיך מיט אַ דינסטן בלימעלע־געוועב
אויף ראָזן קאַפּטל.
כ׳האָב מיט אַלע גלידער דיר אַקעגן
זיך געצויגן דורך די שויבן.
אַ ווייסער שניי איז דאַן געפאַלן,
ווי ס׳פאַלט פון דאַך אַראָפּ אַ מחנה טויבן.

האַלב הינטער גאַרדין פאַרשטעלט
האָט זיך געבלייכט דיין פּראָפיל.
און כ׳האָב געפילט די ליפּן דיינע
נאָענט אזוי אויף מיינע אויגן.
כ׳האָב געקושט דיך
מיט אַ דינסטן בלימעלע־געוועב אויף ראָזן קאַפּטל,
כ׳האָב מיט אַלע גלידער דיר אַקעגן זיך געצויגן.

# עלזאבעטא

האָט זי היינט צו מיר געשמייכלט, עלזאַבעטאַ
און פארשארצט אַן אויבערשט ליפּ.
עס ווייס דאָס שיקסל
מיטן פלעדערוויש אין גאַרטל
אז איך האָב דיך ליב.

שטעלט זי אויפן טיש דיר פרישע בלומען
און בעט איבער דיין בעט.
זי ווייס
אז דו וועסט קומען,
וועסטו זי אויפן אַקסל טאָן אַ גלעט.
שפּיגלט זי זיך טאָג אויף טאָג
אין דיינע הויכע שויבן,
ציטערן די ווייסע פאָרהענגלעך
— מיין פרום געבעט
און פלאַטערן ווי טויבן
איבער שוואַרצן שיקסל — עלזאַבעט.

# פאלט א שניי

פאַלט אַ שניי ווי ס׳פאַלן טויבן,
פאַלט אויףביימער, פאַלט אויף דעכער.
האָסט דיין בליק צו מיר דערהויבן,
טרוימען הויבן זיך נאָך העכער.

שוואַרץ דיין אויג און בלאַס דיין שטערן.
שטרעקסט אַ האַנט אויס — קום אריין!
וויל איך זאָלסט ברוגז ווערן;
כ׳ווייס קיין מאָרגן וועט ניט זיין.
פאַלט אַ שניי ווי ס׳פאַלן טויבן,
פאַלט אויף בוים און פאַלט אויף צוימען —
ועסט נאָך קומען? — כ׳וויל דיר גלויבן.
שענער זיינען מיינע טרוימען...

# דער באַרן־בוים

אַלע ווייסן שוין,
אז כ׳זיץ דאָ טאָג אויף טאָג
און היט דיין פענצטער.
עס ווייס דער באַרן־בוים אין מיטן הויף
און גרין־געפארבטער צוים.
עס ווייס דיין חבר
און דיין חברס מיידל
אין ווייסן קאַפטענדל
מיט רויט געשטיקטן זוים —
אלע ווייסן שוין...
און קוקן אָן מיין פענצטער.
גייען פארביי מיר
און שמייכלען קוים.
אַלע ווייסן שוין,
נאָר דו מיין שענסטער,
ביסט בלויז אַ פערז,
אַ ליד,
אַ טרוים.

# דא און דא און דארט

דאָ און דאָ און דאָרט בינסטו,
און אז איך מאַך די אויגן צו
בין איך ווידער שוין
אויף דיינע שטאַרקע הענט.
רוקן זיך צענויף די ווענט —
און אויף דיין טרייען אַקסל
רוט מיין קאָפּ.

עפן איך די אויגן אָפּ,
בינסטו ווידער
דאָ און דאָ און דאָרט.
— ווו איז דיין אָרט?

# דיין זוניקן אנקער

דעם דיכטער נח יצחק גאָטליב — אַ מתנה.

דיין זוניקן אַנקער
האָסט איינמאָל פאַראַנקערט
אין האַרץ־לאַנד ביי מיר,
לאַשטשען אים זודיקע גליאיקע כוואַליעס,
מיין האַרץ שטראָם — אַ שטורעמדיק לויב געזאַנג דיר.

אַ לויב־געזאַנג דיר — דיינע זעגלען די טויבן
צעזונגען מיט ווינט און מיט שוימיקע שטויבן,
בריען צעשוימיקטע ליכטיקע אויגן
דיין בלאַסינקן קינד.

דיין בלאַסינקער קינד
האָט אין האַרץ־לאַנד
אויף גרינע באַשאָטענע ברעגן
געזוכט דיך ביים בלאָלעכן ראַנד
און ניינצעטן פרילינג באַגעגנט.

# דאס ברונעמל

מיין ערשטער חברטע — ראָזאַ מילער.

איז שוין גוט אזוי
צו זיצן נעבן פענצטער
און שטיל געדענקען דיך.
איז שוין גוט אזוי,
מיין שענסטער,
צו דערמאָנען זיך
אין ווייסן הייזל נעבן וואַלד,
אַ פריש געפלאָכטן
שמעקעוודיקן צוים,
אָן נידעריקן ברונעמל
און איינזאַמען קאַשטאַנען בוים.

# א מעשה׳לע

לאָמיר שפּילן זיך אזוי,
איך וועל זיין לבנה־קינד,
דו — אַ ווילדער צפון ווינט.

וועסט מיך טראָגן
און זיך יאָגן
אויף דיין ווייס געפליגלט פערד.
— זעסט עס פאַלן ווייסע בליטן
ווי די שנייעלעך אויף ד׳ערד.

לאָמיר שפּילן זיך אזוי,
איך וועל זיין א יונגער שטראַל,
דו — אַ שוימיק וואַסערפאַל.
כ׳וועל צעהוידן און צעבליצן
און צעשפּריצן זיך אין דיר —
לאָז מיר זיצן דאָ און טרוימען
ביים צעעפנטן קלאַוויר . . .

## כ'האב דיך ליב אזוי

כ'האָב דיך ליב אזוי
ווי דער ווילדער ווינט,
פריש געשניטן היי
אין דעם פרייען פעלד.

ווי דער ווילדער ווינט
גאָלדיק בלאָנדן זאַנג,
כ'שויבער דיינע האָר,
צייטיקט מיין געזאַנג —
כ'האָב דיך ליב אַזוי.

# פרעג דעם ווינט

הדסה׳ן — ישראל.

א.

פרעג דעם ווינט ווער איך בין,
פרעג דעם ווינט ווו איך רו.
כ׳ליב ניט דיך
און ניט דו
בינסט דאָ איינער אין וועלט.

כ׳האָב דיך איינמאָל געזען
און דיך פרעגן געוואָלט
ווי מען רופט דיך — און גאָר !
— ס׳איז א שפּיל אזא נאָר...

ב.

כ׳האָב דיך ליב —
אָרעמס שטאָל,
ליפּן גלוט...
— ס׳איז שוין גוט דיך צו פרעגן
איינמאָל סתם אזוי,
ווי מען רופט דיך
און גיי !
בינסט ניט איינער אין וועלט,
כ׳ליב ניט דיך
און ניט דו
וועסט באַשיצן מיין צעלט.
פרעג דעם ווינט ווער איך בין,
פרעג דעם ווינט ווו איך רו.

# לעבן מיינס

לעבן מיינס א ווינטל לינד,
זינג איך לידער ווינטיקע.
כ׳האָב אַ האַרץ א פולס מיט זינד,
זינג איך לידער זינדיקע.

ס׳איז אַ ליד אזא אין לאַנד
— בליט א מיידל, בליט אַ בוים,
שוימען בעכער איבער ראַנד.
שטאַרבט א פריילינג — שטאַרבט אַ טרוים.

לידער ווייניקער צי מער,
כ׳האָב אַ האַרץ א פולס מיט זינד —
פרעג ניט ווו
און פרעג ניט ווער —
עס וואַרט ביים טיר אַן עלנט קינד.

# אין וואלד

בערל לעווינסקי — אַ מתנה.

א.

גוט איז נאָך וואָס ס׳איז פֿאַראַן
וועלדער ווייטע, או־הו־הו.
שפּאַנען מיר אינצווייען דאָ —
איך און דו.

איך און דו און ווידערקול,
רופט אַ קוקו ערגעץ ווייט,
ברעכט זיך ערגעץ צווייגל קליין,
שפּראָצט אַ צווייגל פריש באַנייט.

ציען סאָסנעס אין דער הויך,
יאָגן וואָלקן בלאָען הויל,
פּליק איך יאַגדעס מיט די ציין,
קושט מיך יונג מיט הייסן מויל.

ב.

גוט איז נאָך וואָס ס׳איז פֿאַראַן
יונגען שטאַרקע, יונגען בראָנזענע.
צערטלט אונדזערע טריט דער מאָך,
גייען, גייען מיר און בלאָנדזשענען.

האָט מיין יינגל ברוינע הענט,
אָרעמס — שטאָל און ליפּן — גלוט.
פֿירט אונדז שטעגל שמאָל אין באַרג,
באַרג און טאָל און ניט גערוט!

וויגן סאָסנעס שלאַנקע קעפּ,
פֿאַלט א גרינע שישקע אַראָפּ,
זשומט אַ פֿלאַטערל פֿאַרביי,
קושט אַ שטראַל מיין יונגן קאָפּ...

גוט איז נאָך וואָס ס׳איז פֿאַראַן
אויגן הייסע, אויגן פֿלאַם.
גוט איז וואָס מיט מיר בינסטו,
רופֿן וועלדער ווייט אָר־הו — —

# צוריקוועגנס

פאר רחלע, דער מומע פעסעס און איר פידעלע.

א.

שווימען לייכטע וואָלקנס אַן
ווי סטאַיעס פויגל ווייסע,
ווי עס טרעפט אַמאָל
אין אן אויסגעטראַכטער זומער־מעשה.

געווען אַמאָל
אַ מיידל ציטעריק און שמאָל,
און ס׳איז דער ייִנגל שלאַנק געווען
און ס׳האָט א שוואַרצער פייער
אים געפלאקערט אין די אויגן.

ערגעץ הינטער גרינעם וואַלד
האָבן פרעמדע פויגל
זיך געדרייט אין הויך
און זיינען ווייט פאַרפלויגן.

ב.

און צופוסנס אינעם טאָל
האָט געזילבערט זיך אַ טייכעלע אַ קילס.
— — — — — — — — — —
— — — — — — — — — —

האָט דער ברוינער מיידל־קאָפּ
גערוט שוין זיס און מיד
אויף אַקסל טרייעם
און צוגעטראַכט אַ ליד אַ נייעם...

— ווּעסט מיך פֿאַרגעסן לייכט אַזוי,
ווי מען פֿאַרגעסט אַ פּלאַטערל אַ גרינגס
וואָס זשומט איינמאָל פֿאַרביי
און קומט ניט ווידער.

ג.

ווי מען פֿאַרגעסט
אין קאָרנפֿעלד אין גאָלדענעם
אַ ביכל בלאָע לידער...

אַזוי האָבן דערציילט זיך שטיל
די ביימער אויפֿן שליאַך
און אין דער הויך
די סטאַיעס וואָלקן ווייסע,
ווי עס טרעפֿט אַמאָל
אין אַן אויסגעטראַכטער זומער־מעשה.

# מעג דאך מארגן

מעג דאָך מאָרגן זיין אַ העלער טאָג
און איבערמאָרגן אויך,
נאָר אז דו ווערסט אוועקגיין —
מעג שוין זיין דאַן וואָס עס וויל!
איך וועל דיר גאָרניט פרעגן
און ניט רופן דיך צוריק,
כ׳וועל זיצן שטיל
אין גראָז אהינטער הויכן קוסט.
איך האָב געוווסט:
ניט באַלד,
ווערסטו שוין שפעטער מיט אַ טאָג צי צוויי
מיך לאָזן דאָ אליין
מיט לעצטן בריוול אין דער האַנט
און פאר די איבעריקע טעג
וואָס כ׳וועל געדענקען דיך,
צו ציילן די פארבענקטע שטיינער אויפן ברוק
אויף יענער גאַס, ווו דו האָסט באגעגנט מיך צוערשט
און אומגערן געטאָן אויף מיר אַ קוק.

# פּיצל פישל

פּיצל פישל נאָר עס דרייט זיך אויפן ברעג,
שטעלסט דאָס קערבעלע מיט פּאָזימקעס
ביים זייט אוועק.
נעמסט מיין קאָפּ אין דיינע הענט
און קוקסט מיך אָן.
לאָך איך —
וואָס זאָל איך דען איצטער אנדערש טאָן ? !
און אפשר פרעגן דיך :
און אז אַ וועל קושט אָן אַ פישל קליין
און ווארפט עס ווייט אוועק,
וועט עס איינמאָל זיך נאָך אומקערן צום ברעג ?

# גאלדענער שטויב

גאָלדענער שטויב אויף די וועגן,
גאָלדענער שטויב אויף די ברעמען,
ווידער צעזוניקן לידער,
לאַנג שוין פאַרגעסענע נעמען.

לייכט אזוי לייכט מיינע גלידער,
פאַר וועמען נאָך זינגען פאַר וועמען ?
אַ טאָג איז געשטאָרבן היינט ווידער
מיט גאָלדענע שטויב אויף די ברעמען.

# ליטווישע מאַטיוון

כ׳האָב דיר גאַר און גאַר צו זאָגן
אַז עס בענקט נאָך דיר מיין בלאָנדער צאָפּ
און מיין לייכטער מיידל־קאָפּ איז אַזוי מיד.

כ׳האָב דיר גאַר און גאַר צו זאָגן
אַז עס בענקט נאָך דיר מיין האַנט
און דאָס היימישע געוואַנט אין ברוינעם קופערט.

עס וואַרטן צען וואָלאָקעס ערד
און דעם טאַטנס סיוועך פערד,
אין גרין געפלאָכטענעם געשפּאַן
און דער מאַמעס פּרעגל־פאַן
צווישן אויוון.

קומען זאָלסטו אויפדערנאַכט,
טויערל שטייט אויפגעמאַכט,
קאַרשן סעדל בליט שוין לאַנג,
כ׳וועל דיך וואַרטן אויפן באַנק.

* * *

כ׳האָב געפירט דעם היי פון פעלד,
האָסט זיך מיר אין וועג געשטעלט
ווי אַ סאָסנע הויך און שלאַנק,
ס׳איז דיר געפעלן מיין געזאַנג.

שפּעטער האָסט מיך אויסגעלאַכט,
איז מיין טיר שוין צוגעמאַכט
און מיין טויערל פאַרשלאָסן.
רוטאַ קרענצל אָפּגעוועלקט
און געקרייציקטער מיין חתן.

קאָוונע, 1936.



„מוזיק" — ליפע ליפשיץ.

# אינטים ליד

קוק איך פון דער נידער אויף ארויף
קען איך שוין ניט מער
די גלידער דיינע און דיין גוף.

בינסט א הויכער שוין אזא׳נער
ווי פון שטאָל
און די ליפּן דיינע — דין און שמאָל.

קוק איך פון דער נידער אויף ארויף
בינסטו אזא מידער — און דיין רוף
איז אַ ווייטער שוין אזא׳נער — ווי אַן אָוונט־קלאַנג
ציטערט און פאַרגייט זיך באַנג.

# כלה־ליד

קאַרשן רויטלען זיך אזוינע רויטע,
גרינסן קריכן דורך די פּלויטן,
ביים טייכל וועל איך אויספלעכטן אַ קראַנץ
און לאָזן זיך מיט חברטעס אין טאַנץ.

חברטעס און אלע ווייסן —
ער איז אַ מופלג און א גוטע כלי,
ער איז דאָך ר׳ שמאַי׳לעס אַ תלמיד
און דער בעסטער מירער עלוי.

עס וואַרט דער באָבעס חופּה קלייד אין קופערט,
און די פּערל־שנור אין מיטלסטן שופלאָד,
עס איז מיין שוואַרצע רומפּל־קלייד געפּופּערט.
עס וואַרט דאָס כלה וועש
געציילט שוין אין קאַמאָד.

ב.

קומט מיין חתן באַלד נאָך שבת נחמו,
ער וועט מיך נעמען און ארויספירן פון טאַטנס הויז

ווי וועט ער מיר אָנרופן ביים נאָמען ?
איך וועל מיך שעמען און פאַרטוליען אין מאַמעס שויס.

אויגן האָט ער טונקעלע און טיפע
און ליפּן —
ליפּן טרויעריקע שוין.
פאַרוואָס ?
ער וועט פאַרזוכן דאָך דעם וויין אונטער דער חופּה,
און איך וועל טרינקען אויך פון זעלבן כוס...

ג.

ס'איז זיין אַטעם אזא שמעקעוודיקער, אזא הייסער,
און די אָרעמס זיינע — שטאָל.
ער דערציילט מיר שטיל פון אנטיוכס קיסר,
דערציילט וואָס ס'איז געווען אַמאָל.

בין איך זיין פּאַרצייטיקע פּרינצעסין,
די רויז פון שרון־טאָל.
הער איך און איך הער —
איך האָב זיך שוין פאַרגעסן,
כ'זע נאָר זיין פיבערדיקן מויל.

— — — — — — — — — —

כ'הער נאָר ווי עס בענקען מיינע גלידער,
נעבן פענצטערל איז אזוי גוט און גאָר,
זאָלן וואָלקנדלעך אוועקשווימען שוין ווידער,
ס'איז גוט אזוי צו טרוימען אויפן וואָר . . .

# ווייסט ?

ווייסט ?
עס חלומען זיך גלעטן מיר,
עס חלומען זיך מיר
דיינע שטאַרקע הענט.
כ׳וואָלט געוואָלט ביי דיר נאָך בעטן,
זאָל דיין שאָטן בלייבן דאָ
אויף מיינע ווענט.

ווייסט ?
עס חלומען זיך ריחות מיר,
שכורער חורין וויין און מור,
כ׳וואָלט געוואָלט, געוואָלט ביי דיר נאָך בעטן,
זאָל דיין אָטעם בלייבן דאָ
אויף מיינע האָר . . .

# פרעמדער

פרעמדער,
עס בענקען נאָך דיר מיינע העמדער,
געהאָפטן מיט זייד און די זוימען
היטן דיר אין מיינע טרוימען.

היטן דיר איין מיינע טרוימען,
שיכלעך גענייט מיט קאַרעלן
אויף ווייך אויסגעבעטענע שוועלן.

ווייך אויסגעבעטענע שוועלן
הערן די טריט דיינע קומען,
און ס'חלומען שטיל מיינע בלומען.

עס חלומען שטיל מיינע בלומען
אויף ווייסע אָפּאַלענע העמדער
אָ...
פרעמדער!

# אין באַגינען

אין באַגינען לויטערער די הימלען,
אין באַגינען לויטערער דער פּיין.
אין באַגינען בינסטו צאַרטער נאָך מיין שענסטער,
בין איך דיין.

ס'איז דער הימל אונדז א פאָרהאַנג איבער פענצטער,
געזוימט ביים ברעג מיט ראָז און פיאָלעט,
ווען מיר אָפּוואַרטן דעם זונאויפגאַנג דעם רויטן,
ווען מיר אָפּריכטן אַ פרי געבעט — — —

קומען זומער־פייגל צוויי געפליגן,
רינגלען זומער־פייגל ווייסע אונדזער פענצטער,
קושן שטראַלן יונגע אונדז די אויגן,
—זיינען מיר זומער־פייגל ווייסע — איך און שענסטער.

# דיין נאָמען

דיין נאָמען אַ ליד
און דיין נאָמען — אַ טרוים,
מיין העמד האָט אַ דיגינקן בלאַנקיקן זוים.

געהאָפטן מיט זייד איז דאָס געסקעלע שמאָל
ציטערט אַ פלייצל ארונטער אַמאָל.

ציטערט אַ פלייצל ארונטער אַמאָל
רופסטו מיך אָן מיט פאַרחלשטן קול . . .

האָסט אזא מידע פארחלומטע האַנט —
עס פאַלט נאָר אַ שיין איבער בילד אויפן וואַנט . . .

# נאכדעם

**... נאָכדעם**
זיינען טעג ווי ווייסע זעגל אָנגעשווומען,
ווייסע זעגלען דרימלען אויפן שטילן ים.
וואַרט איך דיך מיין שטורעם ווינט,
מיין שטאַרקער שטורעם ווינט זאָלסט קומען,
וואַרט איך דיך — מיין ליבסטער,
ניט פאַרזאַם.

**... נאָכדעם,**
האָבן הימלען זיך געשפרייט ווי בלויע חופות,
שווימען ווייסע וואָלקנס אָן ווי ציטערדיקער גאַז.
כ'שרייב דיר : — ס'וואַרט דאָס כלה קלייד
און גאָלד געשטיקטע יופעס.
כ'שרייב מיט בליישטיפט גרין אויף העפטל ראָז...

# אייביק

דער דיכטערין לאה גרינשטיין — געהייליקט.

און כ׳שטיי נאָך אַלץ לעבן דיר אזוי
אָן אָרעם דיינעם אָנגעלענט,
און אויף דיין טרייען אַקסל רוט מיין קאָפּ.
קוק איך אַראָפּ
צו גרעזל    קליינס
און ווייס:
איך בין שוין דאָ ניט קיינעמס מער...
ניט דיינס און ניט דער מאַמעס קינד.
— — — — — — — — — —
איך בין אַ גרינגער ווינט אין בלאָען רוים,
אַ גרעזל ציטעריק און שמאָל.
דו — אַ באַנגער ווידערקלאַנג אין טאָל,
אַ קוים געאַנטער טרוים...

# לאנגווייל

כ'גיי נאָך דיר ביים זייט
און גיי און גיי,
און נעם דיך פאַר אַ האַנט
און קוק דיך אָן.
דערמאָן זיך נאָר —
האָב איך איינמאָל שוין אזא געשריי געטאָן
— 'איך קען ניט מער' !
איז מיר שוין שווער דיר איצט
צו לייענען פלאַקאַטן אויפן קול
און ביכלעך פריש צעשניטענע
ביים אָוונט מאָל.

גיי איך גיי און גיי נאָך אלץ לעבן דיר.
בויגסטו דיך אָן
און קושט מיר אויס די טרערן.
שמייכל איך צו דיר ווי אַלעמאָל
— דו דארפסט עס ניט דערהערן...

# רגע׳ס

רגע׳ס —
כ׳וועל ניט ציילן.
כ׳האָב באַגלייט מיט זון־פאַרגיין.
אין פרימאָרגן,
אין פאַרנאַכטן,
ליבסטער קומט
און ליבסטער גייט
און כ׳בלייב אליין.

רגע׳ס־פונקן,
רגע׳ס־שפריצן
— קושט די אויגן און עס שפראָצט
אַ פרישער קנייטש אונטער דיין מויל...
קושט די האָר
און ס׳בליען העלע זילבער־פעדעם אינצווישן,
קאָרטשען וואַסערדיקע הימלען זיך
אין בלאַסן גרויל...

# טליעט

מײַן פֿרײַנט שוראַ פֿעלדמאַן — אַ געשאַנק.

טליעט אומעט שטיל אויף שפּיצן ביימער,
טליעט בענקשאַפֿט שטיל אין האַרץ געטרייער.
האָבן װעלדער — בלאָע טרוימער
זיך צעוואָרפֿן היינט מיט סנאָפּעס פֿײַער.

װאַנדערסטו אַליין אויף פֿרעמדע װעגן,
טרוים איך לאַנג פֿון דיר און בלאָער װײַט,
כ׳װעל דיך אײנציקער שוין גאָר ניט פֿרעגן,
כ׳װעל אַ שטילינקע דיר נאָכגיין ביי דער זײַט.

# קוש־מיך

קוש מיך,
קוש מיך שטאַרקער בלאָנדער ווינט !
עס האָט נאָך קיינער ניט געקילט אזוי
דיין הייסן קאָפּ.
עס האָט נאָך קיינער ניט געגלעט אזוי
מיין שאָלע האַנט,
און מיין יונגער גוף —
האָט נאָך העלער ניט געלאַכט ווי היינט.

מאַי־גלעקלעך און זון־בלימלעך
אין גרינעם וואַלד,
לעכצן נאָך אַ שטראַל אַן איינציקן און טרוימען
מיך ?
קוש מיך שטאַרקער, ווילדער ווינט
— אפשר וועט שוין בלאָנדער ווינט
מיך צוימען ?

# אפשייד

מיר וועלן סייווי שוין דעם וועג דעם גאַנצן ניט דערגייין
פאַר בערגל קליינעם, וועסטו דאָ א׳ערשטער בלייבן שטיין
מיך אָנקוקן ווי אַלעמאָל פאַרטראַכט,
וועלן מיר שוין זיצן דאָ ביז אויפדערנאַכט.

ביז — עס כשופן די וואָלקנס אויס
דיין הויכן מינאַרעט און וויסטע מיל
און נאָכדעם שוין פאַרבענקטע בלייבן שטיל.

און וויסן ביידע: יעדערער פאַר זיך אליין
מיר וועלן סייווי שוין דעם וועג דעם גאַנצן ניט דערגייין...

# ראקאקא

דער דיכטערין קאַדיע מאלאדאָווסקי.

דרימלט נאָך צעעפנט לידער־בוך
אויף אַטאַמאַנע פליושענער
און אויפן שפּיגל־טואלעט —
AMBRE,
OJA,
.COTY

די שטאָרן נאָכגעלאָזט,
— ס׳איז פרי.
נאָר דושנע איז אין ברייטער הויך־געשניצטער
פּאָמעראַנצן בעט.
און עס וועקט זיך אויף אַ בלעטל,
„אַלטער גלח מיטן שוואַרצן תהילימל
און גוססע מאַרי״[1].

ב.

פאַלט אַ שטראַל — א קרומער שטראַל
אויף ווייסן בעט אויף רויטן דיל.
הילט זיך איין אין לילאַ־שאַל
סינזי באַהיט און אינדערשטיל —

און ס׳זאָל זיך עמעצער ניט וועקן
בלייבט זי אויף אַ רגע שטיין.
— — — — — — — — — — —
און עס ווייס ניט קיינער
ווי ס׳איז גוט אזוי אליין
צו בלייבן מיטן ביכל אינדערפרי,
מיט „אַלטן גלח שוואַרצן תהילימל
און גוססע מארי״...

---

[1]) „שטערן אויפן דאַך״ — אָלאַ מאַנגער.

# נאקטורנע

פאַר ב. ל. — אַ מתנה.

שטערן אויפֿן דאַך און GITANJALI[1] אַ באַנד,
אויף בראַנזן טישעלע
אַ לאַמפּ. אַ שטילער לאַמפּ
מיט בלאָען אַבאַזשור,
און פּאַפּולאַי אַראַנזשעווער,
אויף שוואַרצער קישעלע.

— — — — — — — — — — — —

וואַרט נאָך אַלץ דאָס פענצטער אָפן אין דער נאַכט אריין
שטרעקט זיך אַ באַלאַדע אויף אַ טיולענעם גאַרדין.
געווען אַמאָל...
געווען,
אויף נידעריקע טישן שוימט ארונטער וויין
און ווער זשע איז דער בלאַסער
הינטער ווייסן באלדאכין?

שטרעקט דער בלאַסער אויס אַ האַנט,
געהילט אין גלימערדיקן זייד —
שלומערן די בריוו דיינע צעוואָרפענע ביי מיינע פיס.
יאָ דיין בריוו, צי ניט דיין בריוו; מען קלאַפּט
— אריין. — עמעץ וועט שוין קומען אויף געוויס...

---

[1]) נאָמען פון אַ טייל לידער אין „דער גערטנער״ — טאַגאָרע.

# דערקענט

עס האָט דיין בליק געטראָפן מיך,
אַ שטיפערקע — אַ לייכטע.
האָסטו געזאָגט: אַ פרוי דאַרף זיין אויך מענטש.
האָב איך מיט אנדערע פארבייגייער פארגלייכט דיך
און האָב, צעלאָזענע, דיך שטיל געבענטשט.

דו האָסט מיך אָנגערופן צאַרט ביים נאָמען,
און פארטרויט גענומען מיינע הענט.
— אפשר איז שוין דער צו מיר געקומען
און מיך פאַרוואָגלטע דערקענט.

## PARTITO (באַך)

To HENRY BLOCH.

א.

אַלע גראָע וועגן פירן איינמאָל
אין א שווארצער נאַכט אריין.
און אלע גראָע וועגן פירן צו איין ציל.
צו וואָס זאָלסטו נאָך אָרעם מענטש מיך פרעגן
וואָס איך — אַן עלנד מיידל וויל ?
איך וויל די ימען איינזויגן אין מיינע טרויעריקע אויגן,
און וויל אַ שטאַרב טאָן איינמאָל
אויף א ווייטן ווייסן גלעטשער
איבער גרין צעבליטן טאָל.
ווילסטו גיין מיט מיר ?
און אז דו שווייגסט נאַר
ועסטו מיר ענטפערן מסתמא שוין — אן אנדערש מאָל.

ב.

דערווייל שוין, גייט די מעשה׳לע צום סוף
און עס גראָען דיינע שלייפן,
און דו — ווילסט דווקא ניט פאַרזאַמען
ניט צום מאָלצייט,
ניט אין אָפּעראַ,
ניט דער בלאָנדער דאַמע דיינער קויפן
עפּעס אזוינס,
אַ שטיינדל אַ ברוינס,
אַ בינטל רויטע רויזן
און נאָך עפּעס אזוינס,
עס זאָל איר בלאָ געמיט
און קאַלטן קאַרמין בלוט אויפברויזן.

עס זאָל דורכאויס זיך פּאַסן
צו אירע פליסיקע אַטלאַסן,
צום זילבער־פּוקס,
און וועלק גרינעם פארשמאַכטן באָלעראָ.
דו שטייסט נאָך דאָ ?
אָבער איך ווייס :
דו ווילסט עס דווקא ניט פאַרזאַמען...
שוין גוט,
וועסטו מיר ענטפערן אַן אַנדערש מאָל.

ג.

און איך,
וועל איינזויגן דערווייל
אין מיינע טרויעריקע אויגן,
גאָר די ימען —
ווען אַלע גראָע וועגן
פירן צו איין ציל —
און אין די נעכט
וועל איך מיט שטערן גראַמען
אזוינס —
וואָס דו האָסט ניט געהאַט פאר מיר,
און וואָס איך וויל.

# דו האסט מיך פיינט

דו האָסט מיך פיינט ?
ווי שיין דו בינסט פאַרשאָלטענער, דו, היינט !
האָסטו איינמאָל מיר די אויגן אויסגעקושט
און האָסט עס ניט געוווּסט,
אַז עס בענקט אזוי נאָך דיר מיין האַנט
און תמיד וועל איך נאָכגיין שוין נאָך דיר,
פון לאַנד צו לאַנד.
און תמיד וועט דיין שאָטן פאר מיר שטיין,
אין ווייסע כלה־נעכט,
און פאַר אַ יעדן איינזאַמען מצבה־שטיין
וואָס אין אַ מיטן וועג.
— מעג איך דאָך,
איך מעג ;
שוין איינמאָל פרעגן דיך,
פארוואָס גייסטו אַוועק ?

# גײ

א.

— גײ !
ער איז געשטאַנען הינטער מיר,
זײַן האַנט האָט לײכט געגלעט מײַן האַנט.

— גײ !
האָט ער זיך טיף פֿאַרנויגן.
אַ פּאַסמע שוואַרצע האָר
איז אים געפֿאַלן אין די אויגן.
האָב איך נאָך טיפֿער זיך
צום בוך אַראָפּגעבויגן :

— גײ !
האָט ער זיך שטיל דערנענטערט צו דער טיר
און מער זיך שוין ניט אומגעקוקט אויף מיר.

ב.

— קום !
צי האָב איך דען גערופֿן דיך אַזוי,
צי ס'האָט דיר נאָר דאָס שפּיגל־גלאָז
פּאָרטרעט מײַן טרער,
נאָר דו האָסט זיך ניט אומגעקערט.

האָב איך שוין ניט געקענט פֿאַרגעסן מער
דײַן לײכט געבויגן לינקן ברעם
און קנײטש פֿאַרבענקטן איבער אויג.
דאָס ביכל 'לאַ־פּאַלאָמאַ',
איך האָב אַ בלעטל דאָרט פֿאַרבויגן.

# ליד פון דער ציגיינערין

א.

וואָלט איך געווען אַ שוסטערס אַ ווייב
וואָלט איך פארבאָרגט אים
מיין שירץ און מיין לייב,
הייסן געקעכץ אים געקאָכט אויפדערנאַכט,
וואָלט א סך געלעבט זיך
איך וואָלט געלעבט זיך

איך וואָלט געווען אַ זעלטענע בריה
און אויפשטיין באַגינען
און אויפשטיין גאַנץ פרי,
אָנבייסן קאָכן דעם מאַן צו דער צייט
און האַלטן אַ הויז — ווי עס פירט זיך ביי לייט.

ב.

אין צירעווען זאָקן
כ׳וואָלט וונדער באוויזן,
אין העקלען אַ הויב
און שטריקן אויף שפיזלען.

און ער וואָלט געזאָגט:
— אזא ווייב ווער עס האָט
דאַרף לויבן און דאַנקען
דעם אייביקן ג־אָ־ט.

כ׳וואָלט קינדער אים אָפגעהאָט
איינעם נאָך איינעם.
און נאָכדעם געזעסן ביים פענצטער
אָן קיינעם.

ג.

אזוי זיך,
פֿאַר זיך נאָר,
אליין,
און דאָס גאָר.
און גאָלדענעם חלום
געשפּינט אויף דער וואָר . . .

איך בין יונג,
איך בין שלאַנק,
און אין ווייט ווייטן לאַנד
אַ פּרינץ אַ פֿאַרקלערטער
שטרעקט אויס מיר אַ האַנט.

ד.

דער פּרינץ ברענגט מיר פּערל
ווי שטערן די גרויס !
. . . און פֿירט מיך פֿון קליינינקן הייזל ארויס.

וואָלט איך געווען אַ שוסטערס אַ ווייב,
וואָלט איך פֿארבאָרגט אים
מיין שירץ און מיין לייב . . .

# ווילסטו, בלייב

ווילסטו בלייב
און ווילסטו גיי,
און ווילסטו, קום מיט מיר צו
סתם אזוי אין פעלד.
איך וועל דיר בלימלעך רויטע רייסן,
כ׳וועל דיך קושן אויף צופלייסן,
שטיפן וועלן מיר אזוי —
ווילסטו בלייב,
און ווילסטו גיי.

# דיין בריוו

כ׳האָב דיין בריוו אויף מיין האַרצן געלייגט
כ׳זאָל פאַרגעסן דיך, און מער ניט גלויבן
אין אָטעם ווי הייסער זשאַסמין,
אין בליקן ווי גאָלדענע שטויבן.

איך האָב דיין בריוו אויף מיין האַרצן געלייגט
און עס היט מיך דיין בייזע קמיעה.
— נאָר עס האָט זיך שוין עמעץ פארנויגט,
עס וואַרט עמעצער נאָך אין דער רייע...

# ביסט געקומען

ביסט געקומען און אוועק,
שוין געווען אזא דיין וועג:
אָנגעקלאַפּט אין מיין שמאָל טיר,
אַ בלימל־בלאָ געגעבן מיר,
און ביסט אַוועק.

האָב איך בלימל צאַרט געדריקט
צו מיין האַרץ און דיך געדענקט.
טעג געחלומט — נעכט געבענקט,
גערופן דיך.

שפּעטער,
ביסט געוועזן ווייט,
האָב איך מיך שוין ניט געשייט
ניט פאַר בלימל ניט פאַר דיר
און צעפּראַלט מיין שטילע טיר.

כ׳האָב געלעסטערט הייס געבעט,
פון מיין זויבער טרער געשפּעט,
האָט מיך גערודפט דיין קלאָר בליק,
מיך גערופן קער צוריק — געווען שוין שפּעט.

שוין פאַרוועלקט האָט בלימל בלאָ,
שוין פאַרווייסט מיין האָר אין גראָ
— כ׳בין אליין...

# דער הויף־לץ

מיין פריינד און בן־עיר בערל פּאַדאָוויטש.

א.

האָט געלעבט אַמאָל אַ האַר,
האָט געלעבט אַמאָל אַ נאַר,
פלעגט דער האַר זיך תמיד קלאָגן —
זאָל דער נאַר אַ ליגן זאָגן.

לאַכט דער נאַר :
טראַ־לאַ־לאַ
כ'קען נאַר זינגען קורצע לידער,
ס'איז דער אָנהויב „קום צו מיר",
ס'איז דער סוף — „עס קומט ניט ווידער".

טראַ־לאַ־לאַ
טראַ־לאַ־לאַ
ס'איז פאַראַן אַ לאַנד אזא :
בליט אַן אָוונט אָפּ אַ בלימל,
פאַלט אַ שטערנדל פון הימל.

ב.

בליט אַ ליליע אינדערפרי
ווער שוין אויפדערנאַכט סיווי
עמעץ אויסשטרעקן אַ האַנט
און עס אָפּפליקן ביינאַנד
מיטן ציטעריקן שטענגל.

און א הענגל ווײַנטרויבן אז ס׳בויגט זיך אָן,
צי עס וויל צי עס קען ווײַטער הענגען,
וועלן אלע שוין גערענקען,
ס׳איז די צווײַגעלעך צו שווער —
ס׳דאַרף שוין דאָרט ניט בלײַבן מער.

ג.

טראַ־לאַ־לאַ טראַ־לאַ־לאַ
שפּרינגען רגעס אין אַ ראָד,
היפּ־היפּ־היפּ האָפּ־האָפּ־האָפּ
זינגען אויסעט זייער טראָפּ
און פאַרשווינדן בליץ געשווינד.
זינגען שירה פאַר דײַן קינד,
פאַר דײַן קינדס קלײנעם זון,
קערן זיך צו דיר ניט אום.

גרויסער האַר:
טרינקסטו אויס דײַן גאָלדן בעכער
ביזן דעק —
ווייסט ס׳איז גאַר.

ד.

ס׳איז אַ נס, ס׳איז אַ נס
איך און דו און דײַנע שאָף.
ציטערסט,
ס׳איז אַן אמת.
הער,
— ניט קיין שכר און ניט קיין שטראָף,
ניט קיין שצעפּטער, און קיין קרוין.
ניט דו בינסט געווען אַליין —
ס׳איז אַ ווידערקול פון דיר,
איך און דו און גרויס וויזיר
האָבן דאָ געלעבט אַמאָל,
זעכציק פרילינגס אין דעם טאָל.

ה.

דאַן האָב איך געוווּסט אַ ליד
פאַר דיין אויג און פאַר דיין טראָט,
פאַר דיין גילדערדיקן גאָט.
דאַן האָב איך געוווּסט אַ ליד —
ס'איז דער אָנהויב — „קום צו מיר".
קומען שלאַנקע דיינע טעכטער,
קומען שטאָלצע דיינע ווייבער,
קומען יאָרן זיבן זאַט —
וואַקלען שכור דיינע הייזער
ביי די פיס פון אררט...

ו.

טראַ־לאַ־לאַ טראַ־לאַ־לאַ
כ'קען אַ ליד : עס קומט ניט ווידער —
כ'האָב געלערנט עס ביי דיר,
דאָ אין פּאַלאַץ אין די ווענט,
אין די צאַרטע פרויען־הענט,
אויף די זיסע מיידל־ליפּן,
ס'קומט ניט מער —

טראַ־לאַ־לאַ
ס'איז דיין האָר קאַשטאַן שוין גראָ
און דיין קלוגער אויג פאַרלאָשן,
בעטלסטו מיט גרויסן כוס
אין די שענקען פאַר אַ גראָשן.

טראַ־לאַ־לאַ
ס'איז דאָ אַ לאַנד,
ווו דערמאָנען איז אַ שאַנד,
ווו פאַרגעסן איז עס שווער —
אָט דאָס ליד — וואָס קומט ניט מער.

# צו שפּעט

אַ טרומנע אַ הויכע,
אַ מיידל אַ בלייכע,
אין שפּיצן און קרעפּ
עס שטייט אויף די טרעפּ
אַ ריטער אַ שלאַנקער
מיט גאָלדערנעם אַנקער
אויף בליץ־בלאַנקער שווערד.
ער האָט זיך געקערט
פון לענדער פון פרעמדע —
שטייט ער פאַרזונקען אין הייסן געבעט,
פאַרכשופטע רונגן געקומען צו שפּעט.

# אין פארק

אַ פּאַרק און אַ טייכל,
צוויי שוואַנען פאַרליבטע,
אַן איינזאַמע שיפל ביים ברעג.
אויף ווייטער אַלייע
אַ מיידל אין טרויער —
געליבטער ווו בינסטו אַוועק.
וואַסער איז שטיל
און דער הימל אַ בלאָער
שטופּט זיך דאָס שיפל פון ברעג.
וואַרט איך און וואַרט נאָך
פאַרשפעטיקטער ריטער — ווו בינסטו אַוועק ?

## אדאליסקא־ליד

הײַנט נאָך װעל איך, אָדאליסקא,
הערשן איבער דיר.

איך װײס;
ס׳איז ניט אויף לאַנג.
דו קניסט פאַר מיר
און קושט מײַן קלײד
און בעטלסט צום געזאַנג
פון מײַנע גלידער.

איך װײס;
װעסט אומקערן זיך װידער
צו דײַן שטאָלצער קעניגין
און װעסט פאַרגעסן,
װער איך בין.

הײַנט נאָך,
װעל איך, אָדאליסקא,
הערשן איבער דיר!

# תחינה־ליד

געדענקען וועל איך דיך שוין ביזן סוף פון מיינע טעג
זאָל דער אַלמעכטיקער דיך שיצן און באַהיטן —
אַלץ איינס צי דיר צי עמעצען אַ דריטן,
כ׳האָב איינמאָל שוין פאַרטרויט
מיין קלאָרסטע טרער
און בלייכע נעכט מיינע
און בלאָע אויפדערנאַכטן —
אַלץ איינס
איך וויל שוין ניט דערטראַכטן
וואָס ס׳איז דו
און וואָס — באַגער . . .

רויט מיין קלייד
רויטער מיינע ליפּן נאָך
וועל איך יינגל מיינס,
דיין נאָמען דאָך
צעזינגען אין מיין העפטעלע מיט גאָלד געזוימטן ברעג,
געדענקען וועל איך דיך שוין ביזן סוף פון מיינע טעג.

# מאן

מאַן,
עס בלוטיקט תמיד דיר אין אויג אַ לעצט פאַרלאַנג,
אלץ איינס
ווו ס׳טרעפט צוערשט דיין בליק מיך:
אויפן גאַס, ביים טאַנץ צי אויף אַ באַנק
אין אַ פאַרדומפן גערטל.
שפּאַן אויף שפּאַן
— מאַן,
עס בלוטיקט תמיד דיר אין אויג אַ לעצט פאַרלאַנג.

# פרילינג

פרילינג
פרילינג
פרילינג
פרילינג גרינג,
כ׳בין אַ בלום, אַ שמעטערלינג,
כ׳בין אַ ווינטל — בלאָ און פעלד,
כ׳בין אַ וועלט,
וועלטן —
וועלט
אַ וועלט די גרויס
איז מיין הויז.

ב.

ציען ווייטן — כ׳וויים ווהין,
כ׳בין אַ זינגעוודיקע בין,
כ׳בין אַ ווייט פארוואָרפן שליאַך
און מיין בעט —
אַ געבעט
פאַר אַ גייער אָן אַ דאַך.

פרילינג
פרילינג
פרילינג גרינג,
כ׳בין אַ בלום,
אַ שמעטערלינג.

# געלאכט האסטו, מיידל

געלאַכט האָסטו מיידל,
געלאַכט און געוויינט.
ס׳איז פשוטער מיידל
ווי דו האָסט געמיינט.

מ׳טרעפט זיך אזוי מיט אַ לאַך, מיט אַ בליק,
האָסט מיידל געמיינט ס׳דויערט לענגער דאָס גליק?
— — — — — — — — — — — —
אַ שליסל, אַ טויער — אַ נומער, אַ ראָג,
אַ נאַכט בלאָער קומער — אַ גראָער פאַרטאָג...

געלאַכט האָסטו מיידל,
געלאַכט און געוויינט.
ס׳איז פשוטער מיידל
ווי דו האָסט געמיינט...

# בלאסע פרייד

א.

בלאַסע פרייד פון נעכט אָן שלאָף פאַרלאָז מיך ניט,
עלנט שרעק באַפאַלט מיך.
בלייב!
כ'וועל ריטשן שטום,
שטאַר וועט זיין מיין בליק,
מיין שאַ־חלום אַ ברום —
פאַרלאָז מיך ניט.

אין זיג־זאַג וועב פון תכלת נעכט
צערטלסטו מיך מילד,
פאַרוויגסט מיט ציטעריקן פינגער־בלאָס
מיינע אויגן־צו.
אין ציטערניש פאַרבענקטן שטאַלטיקט דיך מיין אויג
און נאָענט גאָר נאָענט ווערסטו.

ב.

זאַכט דערהויבט זיך איבער קאָפּ מיר דיינס אַ האַנט,
רעדט אַ יעדער פינגער צוריר זיס און מיד,
שלענגלט זיך ארום מיין לייב
אַ זינדיק פייער באַנד.

שפילט זיך קינדיש צאַרט דיין האַנט
מיט מיין הילע זוים,
קושט דו שטויביק קלייד
מיט קינדער ליפּן שטייפע, האָפּערדיקע,
שטופּט שוין האַנט מיינס
אָט די עפּרדיקע,
מיין נאַכט געהיל צו דיינע פיס.

ג.

לעסטערן קדושה פונקען טיף געהייליקט פיין,
פליסטערט נאָענט גאָר נאָענט
אַ זיס פאַרשאָטנט מויל — בינסט מיין.

טובלען קדושה־פונקען זיך
אין שאול־תחתיהדיקע נעצן
ביים געבוירן און ניט ווערן —
וועט דיין שלאַנקער קאָפּ אַ גאַנצע נאַכט
מיר, מיידל קליין, געהערן.

צעשווימט זיך רויט אין גרין און ווייס אין שוואַרץ,
צערינט פאַרציטערט טייערסט בילד פון האַרץ.
פילט זיך אָן אי ברעם אי גלידער־ליד
מיט גלי עפּיריש־בליי
און ווידער אויפסניי
און ווידער אויפסניי — — — —

ד.

אָ, בלאַסע פרייד פון נעכט אָן שלאָף
פאַרלאָז מיך ניט.
עלנט שרעק באַפאַלט —
בלייב,
כ׳וועל ריטשען שטום,
שטאַר וועט זיין מיין בליק.
מיין שאַ־חלום אַ ברום —
פאַרלאָז מיך ניט.

# קאַרוסעל

שווינדלט פאַרביק קאַרוסעל,
האָסטיקער פון האַסט,
רייט פאַרביי אַ שיינער יינגל —
רוף איך אים צו גאַסט.

קוש איך אויס דעם יונג די אויגן,
בייס אים אויס אין לייב קמיעות.
ווערסטו שטאַרבן מיין ליב יינגל
וועט דיר צומאַכן די וויעס
ניט מיין האַנט.
העי, וואָס שטייסטו,
שוין סייווי
וועט זיין מאָרגן,
וועט זיין פרי —
ס'איז ניט קיין שאַנד...

# דויט לאמטערנדל

א.

געווען שוין וואָס געווען,
האָסט איינמאָל מיך געזען
שטיין ביים ראַנד פון וועג,
געקושט מיך און געגלעט,
געפליסטערט אַ געבעט —
און בינסט אַוועק.

וועל איך ניט טרויערן
אויף מיין ניט דויערן.
אָ, גיס דעם ווין!
מיין הויז און טויערן
פון קאַלטע מויערן —
אַ נעסט פון פּיין.

ב.

ניט מיך האָסטו דערזען,
ניט איך בין דיין געווען,
ניט מיך האָסטו געהאלדזט אין שפּעטער שעה.
איך האָב מיט ווינט געלאַכט,
צו חוזק דיך געמאַכט,
אויף שוואַרצן פענצטער־ראַם
געיאָמערט האָט אַ קראָ.

וועל איך ניט טרויערן
אויף מיין ניט דויערן
ניט אויף מיין זיין.
כ'וועל שטיין אין העלן פּאַס
אויף שטיינערדיקער גאַס
ביים רויט לאמטערנדל —
און זויפן ווין...

# צו אן אפטריניקער

שוועסטער,
מידע שוועסטער, ס׳איז דיר גוט אזוי,
טאָ לייג דיין מידן קאָפּ אויף מיינע קני.
כ׳ווייס ניט צי כ׳וועל טרייסטן דיך
צי אפשר טאָן דיר וויי,
נאָר סייווי,
וועסטו איינמאָל אָנטאָן שוין א ווייסע חופּה־קלייד
און עמעץ וועט צעפלעכטן דיר די צעפּ.
ס׳איז גאָרניט וואָס ס׳האָט עלנט תמיד דיך באַגלייט
און קרומע שאָטנס לויערן אויף דיינע טרעפּ.

לייג דיין מידן קאָפּ אויף מיינע קני, ס׳איז גוט אזוי,
ערגעץ אויף אַ פעלד א ווייטן פאַלט אַ ווייסער שניי,
ערגעץ שלומערט טיף דיין העלע פרייד,
געהילט אין זויבער לינען־קלייד . . .

# דאס ליד פון גאס

די נאַכט האָט בלאָע אויגן און
אויך דו האָסט בלאָנדע צעפּ,
שטייסט נאָך אַלץ געבויגן
ערגעץ אויף אַ טרעפּ.

שאָטנס קוילער שוואַרצע
קלעטערן אויף ווענט,
כאַפּסט זיך פאַרן האַרצן
און שטרעקסט צו זיי די הענט,

מאַכט צו נאַכט די אויגן
פלעכטסטו אויף די צעפּ,
אין אַ רעגנבויגן
איבער מידע קעפּ.

# קלייב איך שטויב

קלייב איך שטויב אויף זיבן וועגן,
און צעשפּרייט עס און צעשיט,
וואַגלט האַרץ ארויסגעטריבן,
וואַקלט האַרץ מיט רויטע טריט...

רוף איך ווינטן:
— העי, איר ווינטן!
טראָגט אין מדבר מיך געשווינד.
כ׳וועל ניט ליבן
כ׳וועל ניט ליבן,
כ׳האָב צעשטויבט היינט וועגן זיבן,
כ׳בין שוין ווידער זון, דיין קינד.

קלייב איך שטויב אויף וועגן זיבן
און צעשפּרייט עס און צעשיט.
קום מיר היינט ניט אָן אַנטקעגן —
רוף מיך ניט!

# דאס קאווע־מילכל

שטייט אַלײן דאָס ייִנגעלע
אין הילצערנע קלומפּערלעך
מיט ווייסן געשאַנק אין האַנט
און בויגט זיך פֿאַר איר גאַלאַנט —
פֿאַר זיסינקער מיידעלע
אין ראָזעווען קליידעלע.

דאָס מיידעלע שמייכלט זאַנפֿט
און שטרעקט אויס אַ קליינע האַנט
מיט ליאַלקע און רייפֿעלע —
אין צעפּל — אַ שלייפֿעלע.

# דאס שמאנט־קריגעלע

לויפן אויף דער ברייטער שטעזשקע,
אָנגענומען פאר די הענטלעך
שמואלקע און אסתר־פעסקע
און זיי קייקלען זיך ווי ענטלעך.

אסתר האָט אין שירצל בלימלעך —
געלע, רויטע, בלאָע, גרינע —
האָט זי ס׳קעפּעלע פאַרוואָרפן
און געמאַכט אַ שטאָלצע מינע.

שמואלקע דערפאַר איז ערנסט,
טראָגט אַ שטייפן ווייסן קרעגל,
פירט אַן אויטאָ אויף דריי רעדלעך —
אסתרס לאָפּעטקע אין וועגל.

ווייטער אַ ביסעלע
שאַרט מיט אַ פיסעלע
ברוגז אין זאַמד,
אַ מיידעלע קליין.
זי האָט גאָר פאַרגעסן
אָן בלאנקיטן באַנד
וואָס שאַרט זיך פון קעפּל —
פאַרלאָרן אַן עפּל,
זי איז דאָ צו שאַנד.

עס וויל קיינער ניט שפּילן
אין שאָטן אין קילן
מיט איר אויפן גראָז.
צופּט זי ברוגז
דאָס וואָטע פון בייכל
ביים פּליושענעם האָז.

# ווייסער טויט

עס האָט געליכטיקט זיך אַ ווייסער טויט אין ווייטן פעלד
יונג בינסטו געווען, און ווילדער נאָך פון ווינט,
האָסטו געוואָלט
מיך יאָגן
און פארפלאָנטערן אין ווייסן ליין.
געקושט מיר הייס אין מויל
און שטיל געוויספערט מיר :
— בינסט מיין.
בין איך פויל
געלעגן אַ פאַרקייקלטע אין ווייסן ליין,
ס'האָט זון מיר האָר און אויגן אָפּגעקושט,
האָב איך געוווּסט,
כ'בין זון'ס — און דיין
און שפּעטער שוין . . .
פאַר ווייסן ליין.

# לעב איך נאָך

לעב איך נאָך און דו בינסט טויט,
די רויטע בלומען זיינען רויט,
און בוימער צינדן זיך אין גאָלד
און כ׳האָב נאָך אַלץ דיך יינגל האָלט.

ווען ס׳רופט פאַרנאַכט דער אָוונט גלאָק
טו איך זיך אָן מיין נאָנען־ראָק,
און שוואַרצן שלייער אויפן קאָפּ
און גיי צו דיר מיט באַרג־אַראָפּ.

איך גיי און גיי און קום צו דיר,
עס וואַרט דיין שטומע טרויעריקע טיר,
עס וואַרט דאָס גראָע שטיינערדיקע פּלויט —
לעב איך נאָך, און דו בינסט טויט.

# ביים סקולפּטאָר

איך זינג אַ ליד
דיין ברוינעם אויג — מיין וויטן טרוים,
דיין הייסער גוף — אַ בערגל היים.
אַ ליימיק וועג פירט צו דיין הויז.
אין הויז אַ בעט
שטייט אויסגעקנעט
פון זודיק ליים און שפּיציק שטיין.
פאַרנעמט מיין בלוט — בעט׳ס רויט געווין
און כ׳קום צוגיין.

איך קום צוגיין און זינג אַ ליד דעם רויטן וויין
געבעכערט אין דיין שאַרבן־ביין.
דיין ליפּ — צעצונטערט גליאיק ליים,
צעטריקנט טריף פאַר טריף
מיין בלייך געווין.

## ווייל ווארעם גרינער

ווייל וואָרעם גרינער האַלזט דיין קאָפּ און ווייס דיין טעם,
ווייל וואָרעם גרינער נעסטיקט זיך אין ווייס מצבה־שטיין,
וועל איך אָנלענען מיין קאָפּ אָן גראָען דעמבע־שטאָם
און נאָכשפּירן ווי ס׳וועט אַ וואָרעם אויף אַ בלעטל גיין.
ווי ס׳וועט אויף גראָז
איבערלאָזן
דיינס אַ טרער.
(איך האָב זיך קיינמאָל ניט דערטראַכט
ווי כ׳זאָל דערשפּירן דיך ביז ביין)
וועל איך אָפּקושן אַ בלימל
און לאָזן זיך פאַרנאַכט
מיט טריט מיט שטילע — איינינקער אליין.

# מיד בינסטו

מיד בינסטו
און איך בין מיד —
ווי אַ פּרי לוויה ליד
אין אַ העלן זונטאָג מאָרגן.
קוקסטו ווי אַ שולדיק קינד
אויף די בלאָע קאָרן־בלומען.
ווי בינסטו אַהער געקומען
ווי אַ פּרי לוויה ליד.
קני אַנידער —
איך בין מיד.

# לעצט ליד

**א.**

בינסט איינציקער געשטאָרבן היינט אויף מיינע הענט,
אַ טונקל לעמפּל האָט געברענט
אויף ווייסן טישל נעבן וואַנט
און ס׳איז דיין בריוול מיר געפאַלן פון דער האַנט.
דיין בריוול — דו,
ווי רופט מען דיך דען,
ווער בינסטו ? — —
די אויגן דיינע — וואַרט — —
די ליפּן דיינע שליס נאָר צו,
אזוי —
כ׳געדענק דיך שוין
און דאָך, אוי ווי איז מיר !
— בינסטו שוין מער ניט דו.

**ב.**

„כ׳געדענק דיר און דיין בלאָען שלייף
און גאָלדיק פלאַטערל אויף דיינע ברוינע האָר״.
פאַלט דאָס בריוול דיינס פון האַנט מיר
און ס׳איז וואָר,
אז ס׳אַרט דיך ניט,
און דו בינסט מער ניט דו —
קען איך דיר מיט בלאַסע טריט
און מאַך מיט קאַלטע פינגער
דיינע אויגן צו.

# איינהערן

איינהערן ווי ס׳פֿאַלט אַן איינזאַם בלאַט,
איינהערן ווי ס׳קלאָגט א פויגל אָן אַ נעסט,
גיין און גיין און גיין זיך אזוי גלאַט,
מיט שטעג מיט האַרבסטיקן — צו דיר אין געסט.

צו בערגל קליינעם, שמאָל און לאַנג
פּירט פּאַרוואַקסן מאָכיק שטעג.
כ׳זע דיך ליבער — הויך און שלאַנק,
שלייכסט אַלץ ווייטער איבער וועג.

קום איך צו — דו בינסט שוין ווייט,
או־הו־הו ווי ס׳טוט מיר באַנג.
כ׳וואַרט און וואַרט ווי תמיד שוין,
כ׳ווייס — דו זוימסט זיך לאַנג...

# דאס סקאטולעכל

װאַלגערט זיך צופוסנס בעט
ס'קלײן שקאַטולעכל מיט גאָלד געשניצטן ראַנד,
אויף װײסן איבערבעט באַװעגט זיך קוים אַ בלאַסע האַנט
און ס'ציטערט בלײך אַ ראָז פאַרקלעמטער בריװל
צװישן פינגער שטײפע.
— קום שױן,
קום באַלד.
עס שטײען שױן די װײנשל רײפע
אין אונדזער גאָרטן אויפן לאַנד.
— קום שױן,
קום באַלד!..

— — — — — — — — — —

און ס'פאַלט אַ בלאַנדער שטראַל אויף שטאַרער האַנט
און קושט די פינגער שפיצן...
װאַלגערט זיך אַ קלײן שקאַטולעכל
צופוסנס בעט מיט גאָלד געשניצטן ראַנד.
אַ בילד — אַ יונגער מענער קאָפ
אין ברױנעם האָלץ געראַמט,
אין שמאָל סטודענטן־מיצל.

# ווייסע כלה

בין איך היינט דיין ווייסע כלה
נעם צעפּלעכט מיר מיינע ברוינע צעפּ,
היל מיך איין אין דופּטיקע וואַלן,
רייס אַראָפּ פון זיך דעם שוואַרצן קרעפּ.

כ׳בין שוין היינט אַ מידע, אזא מידע —
ווייסע מידע שוואַנען מיינע הענט,
כ׳וואָלט די שענסטע פון די לידער
דיר זינגען היינט געקענט.

ברענג מיר בלומען,
ברענג מיר פעלדער בלומען,
לעש די ליכטער אויס.
לאָז דאָ איבער מיינע שפּיגלען אויף די ווענט,
כ׳וועל ניט קומען,
כ׳וועל שוין מער אַהער ניט קומען.
בויג זיך אָן
— דו האָסט מיך ניט געקענט.

# כ'האב געזאגט

כ'האָב געזאָגט צו בוים און בלאַט
כ'וועל שוין שטיין היינט אזוי גלאַט
נאָך אַ שעה און נאָך אַ שעה —
ביז די זון וועט זיין אָט דאָ,
הינטער הויכן פלויט.

כ'וועל שוין שטיין היינט אזוי גלאַט
ניט איך האָב קיין זון געהאַט,
און מיין פריינט — ער איז שוין טויט —
בענקען טיוליפּן אויף דיין קבר,
בענקען רויט.



„דער טאַנץ" — ליפּע ליפּשיץ.

# ניט אמת איז

פאָלי לעחי — אַ מתנה.

א. ניט אמת איז אז יאָרן גייען.
כ׳נעם פריש געצונדענע פאַקעלן פעסט אין האַנט
און כ׳וועל מיך לאָזן גיין פאָרויס
אין אייביקייט אריין!
דורך אירע היילן און דורך לאַבירינטן
כ׳וועל זיך פאַרמעסטן מיט די שטורעם־ווינטן,
וועל איך געפינען זיי די נסים ניט דערוואַרטע,
וועל איך צעבייטן איין־און־איינציק וואָר,
שיינענדיק און קלאָר,
אויף אויסגעטרוימטן הינערפלעט
און אַנסופיקן וואַרטן.

ב. ווען שעהן בין־השמשותדיקע
שלייכן זיך אויף שפּיץ־פינגער אדורך,
קלאָגט זיך זון אַ גוססדיקע
— „אַלט"...
וועל איך אויסשטרעקן מיין האַנט
און ווי יהושע ביי גבעון,
באַפעלן:
— האַלט!
ניט באַלד,
ניט שוין,
ניט שפּעטער!...
איך וועל מתפלל זיין צו אַלע געטער
אין הימל און אויף דער ערד:
— איז דאָס גאָר וואָס ס׳איז דעם מענטש באַשערט?!

ג. שפינגעוועב?
פאַרכשופטע ליכט?

אין רעכטער האַנט:
אַ העל פאַקל.
פאַר לינקער האַנט א וואַגשאָל —
פאַר וועגן
און פאַר מעסטן,
אַ צייט פאַר — נעסטן...
זיך — און ברויט.
פאַר תפילה,
פאַר מחילה
און פאַר טויט?!

ד. מיטן בראַנד־פּנים פון אונטערגאַנג
כ׳וועל זיך שטעלן אויג אויף אויג:
וואָס טויג
מיר דאָ מיין גאַנצע מאַכט?
עמעץ האָט מיך אויסגעלאַכט.
איז ד־אָ־ס אַלץ
וואָס איז מיר ד־אָ באַשערט
אויף דיין אייביקער דיין גרויסער ערד?!
אָ,
כ׳וועל בעטן,
כ׳וועל רופן אַלע כוחות, אלע שטערן —
זאָלן מיך דערהערן
אין י ע נ ע ם טאָג.
זאָלן זיי מיר זאָגן דעם באַראָט,
ווו דער ענד־ציל,
וואָס איז ג־אָ־ט?
איז דאָס אַלץ וואָס איך דאַרף וויסן —
זיצן אונטער עפּלבוים דעם זיסן
און געניסן?!...

ה. כ׳האָב תמיד צוגעגויגט מיין אויער
און געהערט דיין רופן — מיין באַשעפער:

אין אַ קלאָרן קוואַל,
אין אַ וואַסערפאַל,
אין א מורמלענדיקן פרילינג ווינט,
אין דאָס לאַכן פון אַ קינד.
בלויז דאָס איינציקע האָסטו מיר ניט אַנטפּלעקט:
וואָס איז דער געדאַנק,
ווהין דאָס צילן
פון דיין געטלעך ווילן? — דאָס גורל־שפיל.
קלאָגט עס אזוי טיף אין מיר און מאָנט:
— ווי אזוי און ווען?!...
פאַר מיר:
מוז ע־פ־ע־ס דאָך געשען!

ו. ניט אמת איז אז יאָרן גייען!
כ׳נעם פריש געצונדענע פאַקעלן אין מיין האַנט.
אָ.
כ׳וועל זיי געפינען נאָך,
די נסים ניט דערוואַרטע,
די גליקן גאָלדענע —
און די חלומות צאַרטע —
אויפן ראַנד פון צייט...

אין קאַראַהאָדן דרייען זיך און טאַנצן
די יאָרן גרין צעפלאָכטענע אין קראַנצן
אויף יענער זייט —
פון לאַנג פאַרווייטע וועגן
הינטער די זומער־שטורעמס
און די הארבסטיקע צעווייקטע אינעם רעגן שליאַכן —
וועל איך פאַרוואַרפן אויף צוריק מיין קאָפּ
ווי גאָר אַמאָל —
און הילכיק לאַכן:
ניט אמת איז אז יאָרן גייען!

# דאס ליד פון וואגאבונד

דעם אָנדענק פון ליטעראטור־קריטיקער נתן גרינבלאַט (גורן).

סײַווי וועל איך דאָ ניט לאַנג
ארומשאַלאַיען זיך אין וועלט
פון פירשטן און פון נאַרן
ניט מײַן געלעכטער איז פאַר אייך
און ניט מײַן עלנט דאַרף אייך אַרן.

ניט איך וועל פלאַנצן דאָ אַ בוים
ביז זיבעציק צו וואַרטן ניט געבאָרן,
האָב לאַנג שוין יאָרן זיבעציק פאַרלאָרן,
אָן אַ היים.

ניט איך וועל בויען דאָ אַ שטאָט,
ניט וואַרפן בריקן איבער אָקעאַנען,
ניט איך וועל עלנטע אַנטפלעקן אייך אַ גאָט,
פון וואַנען זאָל איך וויסן דאָס, פון וואַנען ?

פון וואַנען זאָל איך וויסן ווי אזוי
מען קוילערט איבער אַ פלאַנעט,
און ווו עס שטעקן די פארבינדונגס־רערן ?
דערפאַר ווייל כ׳בין ביי אייך פאָעט,
זיך אָנגעדונגען ציילן אייך די שטערן,
דערפאר ווייל ס׳בראָט און ברענט מיר
פייער העליש רויטער
און כ׳קלאַמער זיך מיט הענט און גוף פארוואָגלטן,
אָן ברענענדיקן דאָרן —
דערפאר דאַרף איך שוין זאָגן
ווער ס׳האָט אייך, עלנטע, אָט דאָ פארלאָרן ?

סײַווי וועט איר האַלדזן אין די נעכט
די שוועסטער אײַערע און ווײַבער ברייטע,
און איך, אײַער געזאַלבטער קנעכט,
וועל שוין דאָ ניט שנײַדן
דאָס געזייטע.

— — — — — — — — — —

סײַווי וועל איך דאָ ניט לאַנג
אַרומשאַלאַיען זיך אין וועלט
פון פירשטן און פון נאַרן,
ניט מײַן געלעכטער איז פאַר אײַך
און ניט מײַן עלנט דאַרף אײַך אַרן.

# פערציק יאָר...

אברהם רובינשטיין — אַ מתנה.

פאַלט אַ רעגן,
גלאַנצן דעכער רויט געפאַרבטע,
הענגען טראָפּנס אויף שטאַכעטן —
הויך געפלאָכטן איינגעקאַרבטע.
און שטאַכעטן שטייען שטייף.

בליצן טראָפּנדלעך אויף בלעטער —
בלעטער זייד און בלעטער האַרטע.
איך באַגרייף:
ס'וועט זיך זון באַווייזן שפּעטער.
און דערווייל —
ריטשען אויטאָס שוואַרצע, שוואַרצע,
שפּריצן היפּערן אויף שאַרזשע,
גלאַנציק שאַרזיקן אספאַלט —
עס וועט זיך זון באַווייזן שפּעטער,
וועל איך זיין דאָן:
פערציק יאָר מיט כמה רגעס אַלט...

# ברודער ישו

לוי שאַליט — אַ מתנה.

שטייסט נאָך אַלץ געבויגן מיט צלם אויפן אַקסל
און ווייט איז ווייט נאָך גאָלדן קלויסטער־שפּיץ,
און ווייט אין שולעכל אין דער אַלטינקער נצרת־היים,
וווּ ס׳איז וועג
און וווּ ס׳איז וואַלד —
ביים טייכעלע ביים זילבער ריינעם
וואַרט סנ׳ט פּעטרוס דיר און סנ׳ט לאַזאַר
אונטער א גרין צעצווייגטן בוים.

— — — — — — — — — —

שמעלצן רויטע געצן זיך אויף ליכט וואַקסענע און געלע
גוססט אַ מיראַזש אויף בלויז געשאַרפטע העק:
זעסטו:
תכלת פּלאָנטערט זיך אויף רויט באַמאָלענע שוועלן,
און יידן דורות, יידן הילן זיך אין אַשיקע אין גראָע זעק.

ווערסטו בלאַסער נאָך און בלייכער און פאַרבענקטער:
ווייט איז ווייט נאָך גאָלדן קלויסטער שפּיץ
און ווייט איז אַלטינקע נצרת היים.
וווּ ס׳איז וועג און וווּ ס׳איז וואַלד,
ביים טייכעלע ביים זילבער ריינעם
וואַרט דיך זון —
אין מודים אַ געבויגענער בעל־שם.

קאָוונע — 1936.

# מאדנע איז

אין אָנדענק פון דיכטער שמואל מאַטיס.

א.

מאָדנע איז וואָס איך בין דאָ נאָך,
און מיין פענצטער צו דער גאַס
קומען מענטשן אָן:
ג׳ העלף דיר.
וואָס מיר העלפן,
ווען מיר העלפן,
גראָבן קברים,
טרייבן שפּאַס?

ב.

ניט מיין האַנט האָט גאַס פאַרמאַטערטע געפלאַסטערט,
ניט מיין פוס האָט מויער וואַנט געקנאָטן,
ניט איך וועל אראָפּרייסן די הימלען,
ניט איך וועל שלאָגן וואַסער פון אַ שטיין.

כ׳האָב אַ ברויטל,
כ׳האָב א דעכל —
האָט דאָס דעכל טויזנט שפּעלטלעך.
גאַפן טויזנט קליינע וועלטלעך
דורך שפּאַרונעס.
פאַלן שטערן,
פלאַצן סטרונעס,
לאַך איך
און איך וויין.

# חיים נחמן ביאליק

(צו זיין באזוך אין ליטע — 1932).

איך בענטש
דיך — ברודער מענטש —
דיין קומען דאָ אויף אונדזער ערד.
דעם טאָג, די שעה וואָס ס׳איז באַשערט
מיר — איינמאָל שוין
אַ בלימל — קליין
ביי זייטן וועג דיר וואַרפן
און פארגיין.
איך ווייס:
ניט איך, ניט דו און ניט אַ דריטער
וועט שוין אַנקערן דעם ברעג
פון די אָנצאָליקע גיטער...

ב.

דיינע נעכט און דיינע טעג
אויפן רוקן פון געוויטער
טראָגן ווינטלעך לייכט אוועק,
און צעשטראַלן דיינע טרוימען
און צעצינדן דיר דיין נאָמען.

צער־געקרוינטער באַנגער ריטער!
וועסט ניט אַנקערן דעם ברעג,
ניט איך,
ניט דו
און ניט אַ דריטער...
פרעג איך דיך, איך פרעג
ווו איז דער וועג?!

# חיים גראַדע

צו זיין באַזוך אין דרום אפריקע — 1963.

ברוך הבא, ברודער דיכטער,
עס האָט די השגחה עליונה
דיך געהיט און באַשירעמט פון שונא,
ווי עס היט איין א פרינצלינג א יונגן
און באַהאַלט פאַר אים אויס זיינע קרוינען,
וואָס ווערן אין פערזן באַזונגען.

האָט די שכינה געזאַלבט דיך, אַ דיכטער
און דיין וואָרט איז באפליגלט מיט כתרים
וואָס זיינען אויף חורבות געבאָרן
און שיינען ווי הערלעכע ליכטער
אין דיינע פאַרשריבענע ספרים.

ב. מיט אלע אותיות פון דעם „אלף־בית"
האָסטו געמאַכט דיין נאָמען גרויס
און אין פאָרויס
פליט אָן דיין „טויב"
און זינגט דיין לויב.

ברודער דיכטער — אויך דו טראָגסט אום
דעם טרויער־מאַנטל אויף די אַקסלען,
אַ טריבן פון די טרערן,
אַ פאַרשטויבטן פון די געטאָ־נאַרעס.
ס'האָט מיך דיין איכה ווי געשניטן
דאָס בייז וואָס האָט ניט אויסגעמיטן
קיינעם.

ג. און אין יעדן איינעם פון די אבלדיק
„צעשטעלטע שטולן אין אַ הויז",

וואָס שטייען שטום,
וואָגלט אום
אַ געפּאַסעוועטער קעמפּ־כאַלאַט.
אין יעדעס וואָרט דיינס אויפן בלאַט
פלעמלט א פאריתומט יזכור־ליכטל
און גייט פאַמעלעך אויס...
און לייגט זיך
ווי אַ מיניאַטור מצבה־שטיין אויפן געמיט
און גייט מיט:

ד. פון קאַווקאַז ביז קאָלאָראַדאָ,
פון טרעבלינקע ביז דאַוואָס —
און פרעגט פאַרוואָס.

אויך דו בינסט אַ פליט פון דער שארית,
כדי פאר די שפּעטערע דורות
דאָס יידישע וואָרט אויסצושמידן
און בלייבן אַ דיכטער ביי יידן.
— — — — — — — — — —
אַן עדה מיט קעפּ אויפגעהויבן
בענטשן מיר דיך,
און מיר לויבן
זיין נאָמען
פארן קערנדל און פאַר די זאָמען,

ה. וואָס איז איינגעהיט פאר אונדז געוואָרן,
און וואָס דו אָ, דיכטער גראַדע,
בינסט מיט דיינע לידער מיטגעפאָרן...
איז עס דאָך אוודאי
אַ זאַך מן השמים —
הויבן מיר דעם כוס פון פרייד
און טרינקען מיט מיט דיר „לחיים“.

---

באַמערקונג: די פראַזן און שורות אין ציטיר־צייכנס — גענומען פון דיכטערס לידער.

# לייוויקס מצבה־לידער

דעם הייליקן אָנדענק פון דיכטער — צו שלושים.

מיר שטייען פאַר דיר אין טרויער געבויגן —
צעווייטאָגטע הערצער, פאַרנעפּלטע אויגן —
פאַר אותיות פּירקאַנטיק, געקריצט ווי אין שטיין,
דעם עפּיטאַף שרייבט דאָ
דער דיכטער אליין.

„אַ קאַלטע, אַ געלייטערטע
די זון קוקט פון דער הויך:
אז ווויל דעם ניי־געבוירענעם,
דעם שטאַרבנדיקן אויך".

מיר שטייען טיף דערשיטערטע
און שעפּטשען שטיל דיין נאָמען,
הער איך בלעטער מישן זיך:
„לאָז אַראָפּ די ברעמען" —

ב.

האָסט געוווסט עס לאַנג צוריק,
אין רגעס פון דעם העכסטן גליק.
דו הערסט אַ קול: „בין מוחל — זאָג".
„פאַרגייט דער טאָג, דיין קורצער טאָג".

דיינע הענט געוואַשן ריין
און דיין העמד איז שפּאָגל ניי...
„די וואָלקנס ווייסע, רואיקע" —
זיי שווימען דיך פאַרביי.

„אויפֿן זאַמד אין מיטן וועג"
אין מדבר זאַמד רינט גאָלד אריין,
„אין מדבר נעכט לבֿנה־שיין" —
דאָרט אַהין איז זיך אוועק
שפּאַנען אויפֿן ברייטן וועג
לייוויקס גרויסע זעלע —
ביז אין שטראַלנדיקן שיין
איז זי האָפּערדיק אריין,
אַ פֿריידיקע, אַ העלע.

ג.

געבויגענע אין טרויער שטייען מיר פֿאַר דיר,
מיר בענטשן דיין געדעכעניש, נזיר,
דו טרויעריקער אבעלאַר,
וואָס דיין לעבן איז געווען
אַ כוס פֿול צער,
און דיין שטאַרבן אַזוי ווי דיין געבוירן,
אָן פּחד און אָן צאָרן.

פֿליסטער איך אַ תּפֿילה שטיל
פֿאַר דיין גואל און פֿאַר דיר,
רייס אַ פֿרישן בויגן אויס
פֿון דעם „שניי ווייסן" פּאַפּיר.

ד.

נעם די פּען אין האַנט אריין
ווי אַ כּלי שבקדושה,
און דערצייל דער וועלט פֿון אוצרות,
פֿון דיין מעכטיקער ירושה.

כ'נעם די פּען צום צווייטן מאָל,
באַווייַן דעם גרויסן זינגער,
עפֿנט זיך דער קוואַל פֿון צער
נאָר עס ווערט ניט גרינגער.

שרייב איך דיר אַ פּשוט ליד
וואָס גראַמט מיט שמאַרץ,
וואָס גראַמט מיט שוואַרץ,
מיט לאַנג,
און באַנג
און אייביק —
וואָס פליסט ארויס פון טיפן האַרץ
צום אומשטערבלעכן, לעצטן לייוויק.

---

באַמערקונג : אלע ציטיר־צייכנס גענומען פון לייוויקס ליִדער — ש.א.

# ערד

ראובן רובינשטיין, געחזענער רעד. „אידישע שטימע“, קאָוונע.

איך וויל דיך שעלטן, ערד,
פאַר זאַטקייט און פאַר רויב,
איך וויל דיך שעלטן, ערד,
פאר פרעס און נישטיק שטויב
וואָס דעקט דיך צו
און פילט דיך אָן
און הילט דיך איין.

און בענטש
און לויב
און קני
אין גרויליק זיסן פיין
פאַר העל
און ווייט
און וויסט.

און בענטש
און לויב
און קני
מיט שטייף געפרעסטער פויסט
פאַר דורות אָנגעהויפטן מיסט.

קייפטאָן — 1963.

## איציק מאנגער

דיין ליד — אַ געבעט בוך
מיט זילבערנע שלעסער,
מיט פליטערלעך גאָלד
אויף סמאַל׳ס אלטאַר.

פינקלט אין לופטן
אַ בליץ־בלאַנקער מעסער
אין הענט פון אַ קוילער
מיט אויגן פול צער.

דיין ליד — ס׳איז אַ לאָגל
און דופטיקע ווײַנען
פּאַר וואַשן פּרוכת
און הייליקע שטאַפּלען
— ברענען אויף ווײַטע קופּאָלן צלמים
און צינדן דיר שכורע טרוימען אין אַפּלען.

# ראבינדרענאט טאגארע

(צו זיין 100טן יובל)

כ׳טרוים נאָך אַלץ אין נעכט אין שטילע
און פאַרטרוי די ווינטלעך קילע,
ניט געשטויגן,
ניט געפלויגן
פון אַ יונג — מיט טונקעלע, מיט טיפע אויגן.

נעבן פענצטער וועל איך וואַרטן,
ווי די יונגפרוי אין דיין בוך,
אויפן רייטער אויפן פרעמדן,
אויפן רייטער אויפן שטאָלצן.

ב.

כ׳וועל אים וואַרפן די קאַרעלן
אויסגעוואַרעמט אויף מיין ברוסט,
און ער וועט פאַרביי מיר רייטן —
מיך אויף אַנדערע פאַרבייטן.

יאָר איין, יאָר אויס, ווען עפּל־צווישן
פאַלן אָפּ פון בוים צעבליטן,
קומט אַ רייטער אָנגעריטן
אויף באַפליגלטן „פעגאַס״,
שטייט דיין מלכה שטיל און בלאַס.

ג.

איינגעהילט אין ראָזע רויכן,
אין די זילבער־גראָע סאַריס,
גראָען שוימיקן שיפאָן
און באגלייט דיך אין די כמארעס
מיט אַ טרער און מיט אַ ליד,
דער גערטנער לעבט — ער איז בלויז מיד...

# האילע סעלאסיע

(דעם לייב פון יהודה)

אַ מתנה מיין ידיד משה רידינג.

א. זוכט קעניג ליר ארום זיין יינגסטע טאָכטער,
און האילע־סעלאסיע — די גערעכטיקייט אויף דר׳ערד.
בלאָנדזשעט קעניג ליר א בלינדער אין דעם מדבר
און האילע סעלאַסיע טראָגט זיך אויף א ווייסן פערד.

אין קיינעמס לאַנד ליגט וויסט און לער און ניט באַטראָטן
שאַקאַלן יאָמערן אין נאַכט אריין —
און מאַלפּעס שטשירען מיט די ציין.
זאָגט קעניג ליר:
— אָ, ברודער האילע־סעלאסיע,
פאַרקערעווע דיין פערד,
אין שייד פאַרלייג דיין שווערד
און קער זיך אום אהיים.

ב. דו זעסט דאָס לאַנד איז ווייט און ברייט,
ניט געאַקערט, ניט געזייט.
דורכגעווייקט אין מענטשן־בלוט
און אַ פייערדיקע רוט
הענגט דאָ איבער יעדענס קאָפּ.
זעסט די בלימלעך יונג־צעטראָטן
און סאַמעט אויגיקע פארצערטע פערד.
ס׳האָט געקענט דערפרייען גאָר
יעדעס בלימל דיינס אַ קינד.
און די גראָזן ליגן טויטע
ווי די זין דיינע אין פעלד.
עס זאָגט זיי קדיש נאָך דער ווינט,
ווילסטו דווקא זיין אַ העלד ?

ג. ענטפּערט מיט הכנעה אָפּ
און בויגט נאָך טיפער אָן דעם קאָפּ
דער שוואַרצער קעניג :
— איך ווייס, אָ, ברודער, דאָס געזעץ.
דאָס לעבן אָבער איז אַ נעץ
פון זינד און פּיין,
פון בלוט און רויב
און אַלץ איז אָפּגענאַרט
אַלץ שטויב,
דאָך —
איך וויל ניט זיין דער נאַר אין שפּיל.
איך וויל — — —
— האַלט !
שטרעקט קעניג ליר אַ בלייכע האַנט
— דו זעסט דאָס לאַנד,
ס׳איז קיינעמס לאַנד,

ד. ס׳געהערט ניט מיר,
ס׳געהערט ניט דיר,
נאָר אָנגעגרייט איז איילן פיר
פאַר יעדן מענטש.
בויג, סעלאַסיע, דיך איצט אָן,
פאַרפלעק ניט מער דיין ווייסן קלייד,
און בענטש
די ערד וואָס גיט דיר ברויט.
אַנטלויף,
אַנטלויף
פון שוואַרצן טויט.

געשפּענסט אַנטרינט — ס׳פאַלט צו די נאַכט,
קוקט סעלאַסיע נאָך פאַרטראַכט
דעם גרייז, דעם בלינדן — קעניג ליר
און מורמלט שטיל — וואַרט, כ׳גיי מיט דיר.

קאָוונע — 1935.

# באהעמיע

(פיר קינסטלער אין בוידעם שטיבלי)

אַ מתנה דעם בעלעטריסט ישראל קאַפּלאַן.

צוועלף זיינען די טרעפּ אין צאָל
און דרייצנט איז דער שוועל.
פירט א בוידעם טונקל
אין א חדר העל.

ביי דער שוועל און אויף געזימסן,
אי קעפּ אין בראָנז, אי בילדער.
קומסטו נענטער צו דער טיר:
רייד און רויך און אַ געפּילדער.

טירן שטייען אָפן מיד,
געסט אלערליי.
אַלע פיר[2] צוריקגעקערט
פון דער ציורלאַניס גאַלעריי[3].

2.

עס איז דאָס צימער גרויס און פוסט.
שטייען בילדער ביי דער וואַנט,
אויף טאַפּטשאַן און אויפן זעסל,
שטיקער פאַרביקע געוואַנט
און די לייוונטן פאַרדאָרבן.

---

[1]) מאנסארדע איבער דער רעדאקציע „אידישע שטימע", געגעבן צו פיר אידישע קינסטלער דורך ר. רובינשטיין, רעדאקטאָר פון „אידישע שטימע".
[2]) ז. בעקער, יפה, ליפשיץ, שערענזאָן (מאלער—סקולפּטאָריסט).
[3]) ליטווישע קונסט־אַקאַדעמיע.

מאַלט מען צוויי מאָל,
מאָלט מען דריי —
איינראַמען שוין ניט כדאי
ניט דעם בעטלער מיט דער טאָרבע,
ניט זאַליאַ בעקערס[1] ל״ו.
זיין נעכטיקן אין גאַרטל טרעגער
האָט ער פאַרמאָלן אין אַ רב.

3.

און קאַפּלאַן[1] האָט אַ „נייע זאַך״,
טוט ער מיט דער האַנט אַ מאַך
צו דעם יינגערן פּאָעט
יעקב גאָטליב[2] מיטן פּאַלטן
און אין קאַפּעליוש — אַ פראַנט.
אַ הערינג בראָט זיך אויף צוויי ציגל,
לייגן חברה צו אַ האַנט.
באַלד וועט זיין א גרויסע סעודה,
פּוסטער פיש און הייסע טיי.
— גיב מחילה זיך אַ דריי —
בעט זיך יפה[3] ביי זיין ביוסט,
ביי די „בערגלדיקע גלידער״,
ביי דער ליבע־נח־יצחק׳ס[4],
וואָס איז לעצטנס אין זיין גוסט.

4.

איז אין צימער קאַלט — אַן עסק !
— כ׳האָב צו מאָלן ניט קיין חשק.
יודל שערעניזאָן פאַרטראַכט זיך,
בלאַס און חנודיק און שטיל —
— ווילסטו זיין א וואָסער נימפע ?
פרעגט ער : — ס׳וועט אזוי זיין ווי איך וויל !

---

[1]) איינער פון די באוווסטע יידיש־ליטווישע מאלער.
[1]) שרייבער־בעלעטריסט ; [2]) דיכטער ; [3] סקולפּטאָר ; [4]) דיכטער־ברודער פון יעקב גאָטליב.

רופט זיך אָנעט נח יצחק:
— מעגסט די אָרעמס בלויז אנטפלעקן.
עס דאַרף אַ צנועה זיין און בלייבן
אַ יידיש מיידל, אַ פּאַעטין.

.5

איז שוין אויס מיט וואַסער וואַלן,
וויקל איך זיך ווי אין שאַלן,
אין דעם פאַרביקן געוואַנט.
נעם אַן לאהן ביי דער האנט.
לאה גרינשטיין מיט די „אויגן״,
וואָס שרייבט צאַרטע לידער, שטילע
פול מיט הייליקע געפילן...

— — — — — — — — — —

— — — — — — — — — —

ביז — איך בלייב אליין דאָ איבער
און איך טאַנץ אין הייסן פיבער.

.6

מאָלט שוין שערענזאָן מיין טראָט
און מיין היפּט אויף ג־טס באַראָט
קוקט אליין אויס ווי כריסטאָס —
כאַפּט ארום מיך א פארדראָס...
נעם איך פינדזל אים פון האַנט
און פאָליטרע פאַלט אוועק —
זאָל שוין נעמען היינט אַן עק!

— — — — — — — — — —

אך, ווי ס׳ריידן פאַרבן טענער,
שמעלצט זיך פרייד אין צארטסטן שמאַרץ —
ריידן פאַרבן דאָפּלט שענער
ווען איך דריק דיך צו מיין האַרץ...

.7

צוועלף זיינען די טרעפּ אין צאָל
און דרייצנט איז דער שוועל.
פּירט א בוידעם — טונקל
אין אַ חדר — העל.

קום איך שפּעטער ווידער,
קום איך אויפדערנאַכט —
שטיל און שאַ און יומטובדיק
פענצטער אויפגעמאַכט.

פאַרהענגלעך ווי טויבן
וואָרקן אין דער שטיל
אַ פאַרצייטיק לידל —
„ביי דער אַלטער מיל".

.8

וואַרט איך און עס וואַרטן
אַלע בלימעלעך מיט
אויף די טונקעלע טאַפּעטן
און די בוידעם שטעגעלעך,
אויף דיינע שנעלע טריט...

צוועלף זיינען די טרעפּ אין צאָל
און דרייצנט איז דער שוועל.
פּירט א בוידעם — טונקל
אין אַ חדר — העל.

געשריבן אויפן „בוידעם", קאָונע — 1934.

# משפחה

געווידמעט משפחות:
מיין פעטער ר׳ הלל אייזן — שיקאַגאָ;
קוזינע שרה פרידמאַן — ברונשוויק.

אָ, קרוב דו ווייטער,
פאַרגעסענער גליד,
איך שרייב ניט קיין בריוו דיר —
איך שרייב דיר אַ ליד.
משפחהדיק ריזלט דאָס אייגענע בלוט
אין אָדערן דיינע מעבר לים —
איך שרייב ניט קיין ליד,
נאָר אַ בריוו מיט אַ גראַם.

ב.

אַ מענטש דאַרף אַ קרוב, אַ ווייב און א פריינט,
צו פארבינדן דעם נעכטן
מיט מאָרגן און היינט.

היינט איז דאָס ווייב — קוילעטש באווירצטער,
דיין שבת, דיין וואָך,
דיין יומטובדיק קלייד,
דערנאָך קומט דיין פריינט —
ער שיינט
און ער שפיגלט זיך אָפּ׳עט אין דיר.
וואָס אָפּטער ער קומט —
אַלץ ברייטער צעעפנט
פאַר אים איז דיין טיר.

ג.

ער טאָפּלט דיין פרייד,
ער לינדערט דיין לייד.
ער שווייגט מיט אין יאוש
און בינדט אין דיר אויף
די קוואַלן פון רייד.

צולעצט קומט דיין קרוב:
ער קען דיר ניט געבן
דעם פריינטס טיפן איינזען,
ניט תמצית פון לעבן —
די גאַנצע געוויכטיקע פרייד פון דער ווייב —
פלייש פון דיין פלייש,
לייב פון דיין לייב.

ד.

ער שטייט אָבער פעסט
ווי אַ פעלדז ביי דיין זייט
און באַשיצט און באַוואַכט,
סיי בייטאָג, סיי ביינאַכט —
דעם גאַנג פון דיין רודער,
דיין קינד און דיין ברודער,
דער מומעס מוזיניק,
דער אָנלען דער לעצטער,
וואָס שטייט פון דער וויטן און איז פאר דיר ערב,
אָ, קרוב דו ווייטער. פאַרגעסענער קרוב.

אָ, קרוב דו ווייטער, פאַרגעסענער גליד,
איך שרייב ניט קיין בריוו דיר —
איך שרייב דיר אַ ליד.

קייפּטאָן — 1960.



„די צען שבטים" — ס. דיסנער.

# צפרירים

(לויט ביאליק)

זלמן טראוב — אַ מתנה.

א.

עס וועקן מיך צפרירים אין פרימאָרגן
און קלאַפּן אין מיין שויב.
זיי רופן און זיי מאָנען:
זעסטו ניט דאָס פאָלק דיינס
איז אי שטום אי טויב.
אכן חציר העם —
עס בוקט זיך און עס קניט
און באַמיט זיך צו געפעלן
די מיושבדיקע שונאי־ישראל,
די אינקוויזיטאָרן
און די רעבעלן.

ב.

אין דער גרויסער וועלט,
אין דער גאָרער גרויסער וועלט...
ווו עס האָט נאָר ווען געשטעלט
אַ פוס,
אָן איין־און־איינציק צווייג אָפּטריניקער
פון דעם יידן־שטאַם —
אַ נביא!

גרויסער דיכטער,
איך וויל ניט ענטפערן דיין רוף
מיט בלויז אַ גראַם.

איך האָב גערופן
און געבעטן
און געוויינט.

ג.

אין שירים און אין רייד ;
איך האָב געמיינט
מען הערט זיך איין,
מיין יעדעס וואָרט —
אַ פייער־רוט !
עס איז ניט גוט,
אָ, ברידער מיינע,
טייטל־בוימער פלאַנצן
און אפילו בלויז מאַראַנצן
בשכנות מיט א שטומפּיק־נאָזיקן,
מיט אַ גרינעם פעדער אין דער הוט
און האַלטן גרייט דעם וואַנדער־שטעקן
צופוסנס פייער־שפּייענדיקן באַרג.

ד.

קאַרג ?
נאָך ווייניק בלוט
און טרערן ?!
אָבער גרויסער לערער מיינער,
זיי ווילן מיך ניט הערן !
איך האָב געוואָרנט,
און געבעטן
און גערופן
— גייט !
איר וועט געפינען זיכער ביי דער מאַמען
אַ לאָגל וואַסער און א לעבל ברויט.
און אויב פאַרלירן מאָרגן
איז שוין בעסער טיילן היינט,

ה.

מיט אַ חבר,
מיט אַ גלייכן,
מיט אַ פריינט.

ווו מען וואַרפט ניט צו אַ ביין
מיט רוגזה און מיט „ייד״.
איך בין שוין מיד,
אָ, נביא,
פון דערקלערן זיך,
פון אָפּווערן זיך.
פון שטיין דאָ צווישן זיי
אַ פאַרשעמטע און פארשוויגן,
פון אויסהערן אַ ליגן נאָך אַ ליגן
און וואַרטן — עד יעבור זעם...
„אכן חציר העם״.

קייפּטאָן — 1964.

# נירענבערג, תרצ"ו

מתנה דעם דיכטער נתן אלטרמאַן.

ווידער הענגען דיינע האַרפן אויף פאַרוויינטע ווערבעס
און דיינע זינגער, פאַלקס מיינס, זיינען שטום.
בלוט און שאַנד און קעלערן פאַרדומפּטע
גרייט מען אייך אַ, ברידער מיינע, אומעטום.
ווי זאָל איך דיר זינגען וועלט מיינע פרילינגס־לידער,
ווי זאָל איך דיר זינגען היינט פון ליבע און פון לוסט,
אז ס'האָט דער צאַרן ווי אַ שווערער בליי
צעגאָסן זיך אין מיינע גלידער.
אז עס ברויזט דאָס ליד
פון פייער און נקמה אין מיין ברוסט.
ווי זאָל איך דיר זינגען,
אז עס הילכט דאָס ליד פון שייטערן
אויף מולכישע מזבחות
און עס לויערט בייזוויליק דאָס געצנדינערישע אויג
אויף מיינע בעסטע זין.

ב.

אז די קינדער מיינע,
מיינע פּיצלעך קינדער גייען אויס אָן כוחות
און די אַלטע ברידער מיינע
זיינען האַרטנעקיק און בלינד
און ווייסן ניט צומאָל דעם וועג ווהין ?
ווי זאָל איך זינגען לידער בלאָע,
אז ס'ברילט דאָס ליד
פון וועלדער אוראַלטע ארויס

און טעווטאַנען — קינדער ווי די שטאַמען,
מאַכיקע און גראַע —
האָבן זיך געלאָזט אין טייוול מאַרש
אין זייער גאַנצער מאוימדיקער גרויס,
אז דער מערב פאַרבט זיך רויט און רויטער
און בייזווייליקע געצנדינער רינגלען דיך מיין פאָלק ארום.
הענגען ווידער דיינע האַרפן אויף פארוויינטע ווערבעס
און דיינע זינגער, פאָלק מיינס,
זיינען שטום.

קאָוונע — 1936.

# יום העצמאות

געהײליקט מײַן שוועסטער, חנה־רחל — דער „חיצאָ״־טוערין.

א.

דער טאָג ער קומט, יום העצמאות,
צו דערמאָנען יעדן ייִד — ס׳איז גוט.
טוב באוהליך יעקב
ווען דײַן אוהל שטײט אויף אײגן ערד
און פֿאַרן טיר,
דײַן אַקער אײַזן און דײַן שווערד.

איך וויל ניט,
ניט דײַן קרבן,
ניט דײַן קרעכץ
און ניט דײַן טרער.
שיק דײַן קינד
און קום אַלײן אַהער.

ב.

פּאַלאַצן בוי ניט מער
אין פֿרעמדן לאַנד,
וואָס געגליכן זײַנען זײ
צו קאָרטן־שטיבלעך אויפֿן זאַמד,

וואָס געגליכן זײַנען זײ
צו פּרעה׳ס פּיראַמידן
און אנוסים־פֿעסטונגען
פּאַרלאַזטע אין מאַדריד.
וואָס געגליכן זײַנען זײ
צו ווײַסע ווילאַס אויפֿן רהײַן.

ג.

געבויט פאַר גוטבאַזעסענע...
פון מינדערווערטיקן געמיינעם ייד,
פאַרהאַסטן ייד!

פארלאָז דיין סיר־הבשר,
וואַרט ניט מער!
איך וויל ניט,
ניט דיין קרבן חטאת,
ניט דיין מעסטל גאָלד
און ניט דיין טרער.

איין און איינציק ייד אין אשקלון
איז מער ווערט פון יעדן הון
וואָס דו שיקסט אַריבער
מיט אַ ברייטער האַנט,
עס רופט דיך
און עס בענקט נאָך דיר
דיין אייגן לאַנד.
וואַרט ניט ברודער,
ביז דער לעצטער שעה...
נעם דיין האָב און גוטס, דיין קינד
און גיי אהיים געשווינד,
גיי!
מיט שיף, מיט באַן,
מיט אייזל און געשפאַן —
גיי!

# שירת־דבורה

(ליום חג העשור)

אַ מתנה מיין ידיד דוב בלומבערג.

היינט זינג איך ווידער און איך יובל,
שטעלט אָן די פידלען, גרייט דעם נבל,
ציט אָן דעם פויק, נעמט די צימבאַלן
און זאָלן אלע שופרות שאַלן
פון הר ציון ביז די תפוצות,
אין טאָג פון קבוץ גלויות,
וואָס באַשערט איז אונדזער דור —
ווען חלום איז געוואָרן וואָר.

ב.

טו אָן דאָס קלייד מיט זילבער פעדעם,
שוועסטער מיינע פון כרמל,
פון גלעד אין יזרעאל.
און אויפן קאָפּ א בלומען־קראַנץ
און לאָז זיך אין אַ יובל־טאַנץ
לכבוד דעם טאָג — חג־העשור,
וואָס איז באַשערט אין אונדזער דור,
ווען חלום איז געוואָרן וואָר.

ג.

און זאָל לערנען יעדע אומה:
אין פריינדשאַפט איז ניטאָ קיין תקומה.
נאָר גערעכטיקייט, בטחון
האָט געבראַכט אונדז דעם נצחון
איבער שטאַרקע און ענקים,
איבער קלוגע און רשעים,
זאָלן זען — יראו הגויים.

הויב דעם קאָפּ און לאָז אין טאַנץ זיך
אין יום־טוב קלייד, בת ישראל —
ס'איז דיינס
דער זייען און דער שניט,
עס שטראַלט דאָס אויג,
לייכט דאָס געמיט!
לכבוד החג — יום העשור
וואָס באַשערט איז אונדזער דור
ווען חלום איז געוואָרן וואָר.



„אַפריקע" — ליפּע ליפּשיץ

# מיין אפריקע

ל. און ר. פעלדמאן — אַ מתנה.

א.

ברודער פון מיין גלויבן — ייד !
אויב —
צווישן פעלקער ווילסטו שלאָגן דיין געצעלט
און לעבן ווו דיר ווויל געפעלט,
אויב —
אַ תושב ווערסטו דאָרט
אין יעדן אָרט
ווו דו געפינסט פאַר זיך
דיין טעגלעך רויב —
לאָז ניט טרעטן זיך אין שטויב.

ב.

ברודער פון מיין גלויבן — ייד !
וואָס האָט
דעם גורל דאָ פאַרבונדן
מיט ערד מיט אַפריקעס,
צוזאַמען מיטן האָלענדער,
פראַנצויז
און האָטענטאָט
און די קינדער פון די אַנגלאָ־סאַקסן ;
דו —
וואָס האָסט געהאָלפן
זייען,
פלאַנצן
און נאָכגעשפירט דאָס וואַקסן
פון אַ גרעזל און אַ בוים.

ג.

דו —
וואָס בינסט געשטאַנען זייט ביי זייט מיט אַלע בודן
און געפורעמט די קאָנטורן
פון די האָריזאָנטן אפריקעס,
פון שיפן און פון מינען
און אויסגעווײלט האָסטו צו זיצן דרינען —
אין דיין נײַ געאַרבעטן לאַנד.
און געפינען דאָ דיין טעגלעך רויב —
לאָז ניט טרעטן זיך אין שטויב!
הויב
אַ קרעפטיקן, אַ שטאַרקן פויסט
דו —
וואָס מיט אַ שמשון זיך געגרויסט האָט
מיט זיין אור־כוח.

ד.

מיט דער דערפינדערישקייט פון טאַטע נח,
וואָס איז ביכולת בייצושטיין א מבול...
און דווקא א פּאַראַבל
שטעל דעם שונא, ימח שמו,
דעם איידעלן, דעם גוטן שם!
וואָס זיין לייטזעליקייט האָט געירשנט שפּעטער
ר׳ ישראל בעל השם
און להבדיל —
דער אָפּגאָט אויף די קרייץ וועגן —
דער „רעטער״.

און דערמאָנען זאָלסטו זיי, די קינדער פון חם,
אז מן השמים איז עס מן הסתם,
וואָס זיצן זיצסטו דאָ צווישן זיי
און בינסט מיט זיי אַ גלייכער.

ה.

אין קלייבן
און אין טרעטן
און אין אויסיורן דעם ווײַן,
— ס'איז דײַן:
דער טיש־באַרג
און דער אָראַנדזש־טײַך,
וואָס ברייטערט זיך אין פרילינג
און ברענגט די פעלדער בשורות
פון אַ נײַעם לעבן —
דו וועסט עס ניט אָפּגעבן
דײַן האַרעוואַניע און דײַן שווייס,
וואָס רינט אַרײַן אין אַלע מינעו,
אין די רעלסן
אין דעם וואָל
און אין דעם ווייץ —
ווילסטו דאָ געפינען!

ו.

דו האָסט מיט פראַצע און מיט ערלעכקייט באַצאָלט
פאַר דײַן הויז און פאַר דײַן גאָלד.
אָ, שטעל ניט אונטער זיי אַ צווייטע באַק,
באַהאַלט אַ שאַרפע האַק
פאַר אַלע לײַדיקגייערס, פּאַראַזיטן,
די הינטישע אַנטיסעמיטן,
און ענטפער זיי
מיט צוויי מאָל צוויי
פאַר יעדן פוסטן האָן
מיט אַ גרינער פעדער אין דער הוט,
וואָס טוט ערגעץ אַ קריי — ייד!
לאָז זיי ניט קיין גאַנצן גליד!
די אַלע סוואַסבאַקעלס,
די העסלעכע נאַציסטן,

ז.

ריכט זיי אויס אַ סוף אַ וויסטן!
איידער נאָך זיי הויבן אָן
דעם שטן־קרייץ צו מאָלן אויף די ווענט
גיב איבער די הענט;
איידער נאָך זיי הויבן אָן
זייער אימהדיקן מאַרש,
די היישעריקן פרעמדע
אין ברוינע מיצן
וואָס מאַסקירן זיך אין גראָע העמדער...
פּיוט,
צוריק קיין מאָרדענלאַנד,
נאָך רויבענשטאַט קאלאגן אַם רהיין
טרייבט דעם קאַניבאַל,
דעם שוויין! —
דאָ לאָזט מען רעכטע מענטשן בלויז אריין.

ח.

ס'איז ניט פאר שעפּסן קינדער דאָ א היים —
געקויפטע פון אויסערלעכן שונא אין געהיים,
כדי אין מוטנעם וואַסער כאַפּן פיש,
כדי באַגריפן צו פאַרמישן...

שיקט זיי צו די אוראַלטע פאַרשוועכטע גרובן[1])
ווו זיי האָבן די משפּחה עלטסטע זייערע
ארויסגעשלעפּט פון בעט און פון די שטובן,
און געוואָרפן פון די פעלדזן אויסגענאָגטע ביינער,
נאָך דעם ווי זיי האָבן זיך באַלעקט
און אויסגערייניקט זיך די מענטשנפרעסערישע ציינער.
און ברונהילדעס העפטיקע מיט היפטן ברייטע

[1]) באַקאַנט פון היסטאָריע: סלאַוון און דייטשן האָבן געקאָכט דאָס פלייש פון זייערע עלטערן אא"וו.

האָבן צוגעווירצט דאָס האַרץ דאָס בלוטיק רויטע
פון אלטן פאָטער פארן בכור — דעם עלטסטן זון
— דאָ האָט איר דעם יחוס פון דעם „הון״.

ט.

אָ, די מאַרעוויכער דויטשענקינדער —
זיי פאַרנאַרן יונגע זין פון נאָבעלן האָלענדער
וואָס מיט אומשולדיקע הענט
רייסן טאַטנס דאַך...

שטייט אויף דער וואַך!
אָ, קינדער אפריקעס —
איר ברידער פון מיין גלויבן,
זאָל דער אלמעכטיקער באַשיצן אייך
און אייער זעל דערהויבן.

# קאָוונע

דעם אָנדענק פון משכיל אבא באלאָשער — קאָװנע

א. שטייט אַ שטאָט אין וועלט,
אין מיטן פעלד.
— — — — — — — — — —
אַ טרעפּ ארויף אַ טרעפּ אַראָפּ
און ווידער,
נידער —
טריפּ, טריפּ, טראָפּ,
מיט גאַסן לויפיקן שלינג־שלאַנג,
מיט נאַכטיקן טראָטואַר־געזאַנג.

ב. אין מיטן העלער נאַכט
אויף יומטובדיק צעצונדענער גאַס,
וויטרינעס פול מיט בלומען — רויט.
לאַכט באַרג אַראָפּ פון הינטער דאַך,
דורך ווייסן שניי מיט שוואַרצן קויט.
— אזוי, אזוי . . .
געווען אַמאָל
אַ גרינער טאָל,
אַווו אַ בוים, אַווו אַ קוסט.
האָט ווען אַ ריטער זיך פאַרגלוסט
צו שפּאָרן ווילד זיין היציק פערד,
און אין די ווייטע בערג פאַרקערט,
ווער ווייס ווו ס׳רוט איצט זיין געביין —
אונטער אַ מויער צי אַ שטיין ?

ג. טראָגט זיך בלוטיק ווידערקול
אום אריבער נאַכטיק שטאָט,

געוועזן דאָ אַ שלאַכט אַמאָל,
געפאַלן העלדן אָן אַ צאָל.
צופוסנס דונערדיקן ג־ט.
צעיאָמערט זיך אַ שטאָלן האַלדז
אין מיטן נאַכט,
טאָ ווייסט:
עס האָט אַן אויטאָ־ראָד
צעטרייסלט אַ געלייטערט ביין
אונטער ברוקיגן מצבה שטיין.

ד. אַ טרעפּ ארויף אַ טרעפּ אַראָפּ
און ווידער,
נידער —
טריפּ, טריפּ, טראָפּ.
אין האַרץ פון בערג,
אויף סטעזשקעס שמאָל
אַספאַלט און שטאָל.

אין באַרג־רוקן האַרט ביי די ווענט
געגאָסן — טראָטואַר, צעמענט.
און דאָרט,
ווו עס האָט דערהויבן זיך אַמאָל
אַ פירשטן שלאָס
און שטאָלצן דוכס טעכטער־הענט
געפלאָכטן האָבן רויטע קרענץ.

ה. צעצינדן פייערלעך זיך זאַכט,
אין מיטן נאַכט,
אין שטאַציג באַרג
און שפּיגלען זיך אויף ניעמאַן פלאַך.
צעשרייט זיך ווו אַ נאַכט־פויגל,
צי ס'טוט אַ וואַסער ג־אָ־ט אַ לאַך
אזוי, אזוי...

געווען אַמאָל
אויף ניעמאַן ברעג
אַ גריגער טאָל,
געוויגט זיך ברייט אַ תבואה פעלד
און הייזלעך פרידלעכע צעשטעלט,
געהאַלטן אָפן טיר אין נאַכט,
האָט זיידנס איוון זיי באַוואַכט.

ו. ווו מיידל בלאָנד מיט אויגן טוי
געבלאָנדזשעט האָט אין נאַכטיק פעלד,
אַ תפילה אָפּגעריכט איר העלד
צעשטיפּן טעכטער זיך אַצינד
אין שדים־טענץ... מיט נאַכטיקן ווינט
און רופן זין פון טייוולס שויס
אויף שטיינערן צעקעסטלט דרויס'ן.

ז. גרימט פּערקונאַס אין די בערג:
געלעסטערט מיך — זיך אָפּגעקערט!
צעשניטן האָט מען מאַמע־ערד אין מיטן האַרץ
און אויסגעשטעלט געביידעס פּיל
און אויסגעלייגט אין פאַסן־גאַס
קראַך, קאַ־ראַ־ך — אַ טייוול שפּיל.
צעשטערט,
צעשטערט,
צעשטערט
זאָל ווערן בריק און מערק.
— — — — — — — — — — —
שטייט אַ שטאָט אין וועלט,
אין מיטן פעלד...

# פויבסט פאולוס דער VI

(צו זיין באַזוך אין ישראל — 1964)

זלמן לעחי — א מתנה.

א.

די שטאָט ירושלים שטייט באַקראַנצט,
פאָנען פלאַטערן אויף פעסטונגען און טויערן,
אין תכלת אויסגעצירט זיינען די מויערן.
און צויבערהאַפטע קלאַנגען פון אַ צימבל און אַ פלייט
זאָגן אָן: — די שאָט איז גרייט
אויפנעמען דעם גאַסט,
ווי עס פּאַסט.

ב.

— — — — — — — — — —
— — — — — — — — — —
אין רוים
שטייט דער וואַטיקאַן
פאַרפלייצט אין זונענשיין.
דער טראָן-זאַל שעמערירט
אין זיין גאַנצער פּראַכט.
די שטראַלן
פאַלן
צו —
צום רויטן טראַכט
און קושן גאָטפּאַרכטיק דעם זוים
ביי די פיס פון הייליקן,
וואָס פאַר זיין מאַכט
בוקן זיך קעניגן.

ג.

ער פֿאַרלאָזט זיין הויכן שטול
און לאָזט זיין פּורפּור מאַנטל ליגן
צוזאַמען מיט דער קרוין :
— קום !
זאָגט ער צום קאַרדינאַל
ביי זיין רעכטער האַנט,
— קום !
אין אַ בלאָער חופּה־קלייד
האָט זיך אויסגעצירט דער הימל.
ברענג מיר נאָר דעם אויבעראָק
פֿון טונקעלן געוואַנט.
בלויז אויף א קורצער שעה
לאָמיר פֿאַרלאָזן דאָ —
דעם ערדישן, דעם גאַנצן שימל.

ד.

ס׳איז מיר דערווידער
דאָס רופֿן פֿון פֿאַנפֿאַרן
און דאָס האַמערן אין פּויקן
און דאָס גאַנץ גערויס,
דער וואַנגאַרד פֿון די הויכע זעלנער —
מיינע שומרי־ראש.
— אונטן,
אין דעם אויסערלעכן הויף
שטייט דאָס געבעט־הויז
אינעם פֿאַלאַץ־פֿליגל,
דאָרט קניען נוצרים — מיינע ברידער
און — זאָגן ליגן.

ה.

זיי ווייסן ניט וואָס איז גערעכטיקייט,
זיי ווייסן ניט פֿון יושר.

מתפלל זיינען זיי צו אויסגעטראַכטע געצן,
וואָס פאַנגען זיי מיט גילדערנע, באמאָלטע נעצן;
— רייכטום,
— כבוד,
אָה!
עס גייט זיי גאָרניט אָן דער חילוק דאָרט
צווישן זון פון יוסף צי פון דוד,
ליבשאַפט פריידיקן זיי דורך ענויים,
זיי ווייסן ניט פון פדיון שבויים.

ו.

און אין די מאָנאַסטירן דאָרט
די פאַרוועלקטע מוידן וואָס פאַרבליען,
דאַוונען דריי מאָל אין מעת־לעת און קניען
פאר אן אויסגעטרוימטן מאַן...
און פרעסן מיט די אַלטע אויגן
די אומבאַדעקטע גלידער.
זיי ריידן נאָר פון ליבשאַפט
און פון זינד:
— „געמאָרדעט האָט אים, ווי און ווינד,
יודאַ דער פאַראַכטער״!

ז.

אָה!
ס'איז ניט פאר זיי דער אמת,
אז ישו דער פארטראַכטער,
אין וועמענס נאָמען
דאָס בלוט פון פאָלק גערעכטן
איר פאַרגיסט,
איז געשטאָרבן אומזיסט...
ניט פאר אונדז,
און אויך ניט פאַר דער וועלט.
ערגעץ ווייט, —
האָט זיך פאַר אים צעהעלט

אַ שטערן — און אַ טרוים
אין בלאָען רוים.
האָט ער זיך געפרעגט:
— זאָל ער ווייטער גיין ?...

— אומעטום איז ער געוועזן
סוף כל סוף אליין...

ח.

אונטן ציען זיך אַלייען ווייט און ברייט.
— אָ, גאָט!
איך בין נאָך אַלץ ניט גרייט
פאַר דער נסיעה קיין ישראל.
עס ברוגזט זיך ישמעאל.
אָבער נאָך מער
איז מיר שווער,
און דריקט מיר אויפן האַרצן ווי אַ שטיין.
ווי קען איך קומען שטיין
פאר אונדזער גואל
מיט הענט באַשמירטע
אינעם בלוט פון זיינע ברידער ?! —

ט.

עס דריקט מיין זעל
דער חטא פון אונדזער דור.
וואָס וועל איך זאָגן גאָר דעם אויסלייזער,
ווי וועל איך אים אויפקלערן
די שחיטה פון די זעקס מיליאָן,
די ברידער פון זיין זאָמען ?
ווי וועל איך וואַגן גאָר,
(געהייליקט איז זיין נאָמען)
באַטרעטן דאָרט דעם דערנער וועג ?

יעדן שטיין אונטער די פיס מיינע
וועט שווער זיין גאָר מיין טראָט.
צוליב די זינד פון מיינע ברידער — נוצרים
צו די קינדער פון דעם אייביקן, דעם גרויסן ג־אָ־ט
פון דעם פאָלק ישראל.

י.

* * *

ביי מגידו אויף דער גבעה
איז ארויס דאָס פאָלק באגריסן,
אויפנעמען דעם עולה־רגל
און אים אלע לאָזן וויסן:
— ס׳גייען יונגע, ס׳גייען זקנים
און די פאַרנעמסטע אין לאַנד,
אין דער שפּיץ ישראלס נשיא,
מיט אַן אויסגעשטרעקטער האַנט
אין פריינדשאַפט.

יא.

די שטאָט ירושלים
שטייט פאַרצירט אין ווייסע גוילים
אויסגעהאָפטע אין בוימוואָל —
פּסוקים הייליקע פון תהלים...
און עס טראָגן זיך די ריחות
פון געווירצן און פון בשמים
פון די נאָענטע און די ווייטע כרמים.
און צויבערהאַפטע קלאַנגען
פון אַ צימבאַל און אַ פלייט
זאָגן אָן: ער קומט,
— ער גייט!
דער פּויפּסט, זיין הייליקייט,
PAULUS VI
אין נאָמען פון דעם INRI-REX.

יב.

— — — — — — — — — —
— — — — — — — — — —
...אָבער די ווינטן —
די ווינטן פון ירושלים —
רוח צפונית,
רוח דרומית,
פון דער חלבנה ולבונה —
די וואָס רוען אין די שפּאַלטן
פון דעם מקדש דעם צעשטערטן —
האָבן זיך צע־הו־שעט,
האָבן זיך צע־יו־שעט,
האָבן זיך צע־קלאָגט:
— האַלט וואָס איר פאַרמאָגט!

יג.

הערט איר ווי עס קלינגען גלאָקן
אין דער אַלטער שטאָט:
— יוזל, אונדזער גאָט,
יוזל, אונדזער גאָט.
הערט איר קלאַנגען פאַלן שווער,
וויקלען זיך אין קנוילן,
קריכט דער גלות אָן אהער
מיט זיינע בייזע גרוילן.
הערט איר ווי עס קלינגען גלאָקן,
קופּערנע און שווערע,
היט זיך ברידער, היט זיך
פאַר די מיסיאָנערן.

יד.

ברויט און וויין און צלמים,
ארבעט אין די כרמים,
מצריש ווייכע קלאַנגען...

ווערט זשע ניט געפֿאַנגען,
ווערט זשע ניט געפֿאַנגען.
מיט רייד מיט ווייכע בפה רך
זיינען זיי געקומען,
די רו אונדז צוגענומען,
די רו אונדז צוגענומען...
„אלה באהבתם לי" —
ווו עס גילט ניט מער די שנאה...
אויף די ליפּן אויף די דינע
אויף די ליפּן אויף די דינע.

טו.

— — — — — — — — — —
זעט אָט שטייגט ער אויפן הר הזיתים.
עס האָט די צייט אַ מיש געטאָן
איין בלאַט פאַרויס — און טויזנט אויף צוריק.
נאָר ווו זיינען די מארק־לייט,
און די פישער בערדיקע
מיט גלויבן אינעם בליק?
די הונגעריקע בעטלער,
וואָס האָבן אים באַגלייט?

טז.

היינט קומט ער אין אַ רייטוואָגן אַ שטאָלענעם
און אָנגעבערייט אהינטער אים,
איבער דער גאָרער ערד
מחנות אומצאָליקע
אין רבבות נוצרים!
באַוואַכן אים מיט בלויזן שווערד
ווו ער גייט און ווו ער רוט,
און ביי יעדן — אַ צלם אין דער האַנט
און אַ שפּיציק רויטע רוט...

יז.

— — — — — — — — — —

האָבן אויפגעכאַפּט די ווינטן,
די פארלוימדערישע ריחות,
ווײַרוך זיסע, מוקצה ריחות
אויף די יעזואיטן ארבל
און צעברילט זיך און צעיאָ־כט־שעט :
— קומט זשע ווינטן,
גרינגע ווינטן,
רוח צפונית,
רוח דרומית —
ווינטן פון ירושלים...

יח.

רייסט די קרענץ פון די טעראַסן,
טרײַבט די מענטשן פון די גאַסן,
פליקט די גוילים פון די מויערן,
ברעכט די פאָנען פון די טויערן.
—הערט איר ווי עס קלינגען גלאָקן ?
ווערן ווינטן ווילד צעשראָקן
און זיי קלאָגן און זיי וואָיען :
— ניין מען קען זיי ניט געטרויען,
אָט די בייזע קירכן גלאָקן.

יט.

טרינקען ווינטן פון די קטורת,
טרינקען שכורדיקע ריחות
פון דעם שרף וואָס רינט אַראָפּ,
טריפט פון די עצי הקטף
און ב־רו־מע־ן :
— חושו,
חושו,
פ־נ־ו ד־ר־ך
לרו־חו־ת ירושלים !

## כ.

הינטערן טויער מאַנדעלבוים
גייט אַ פּראָצעסיע,
רירט זיך קוים.
עס גייט פאָרויס דער פּויפּסט אליין
VIA-DOLOROSA

ער האָט זיין פּנים אָפּגעקערט,
זיין פּלייצע זעט אויס ווי באַשווערט —
נאָר ווו־זשע איז דער צלם?
— — — — — — — — — — —
אַ ציטער טראָגט זיך דורך, אַ דין געוויין,
פאַרגליווערט שטייט דער עולם...

## כא.

* * *

און אזוי האָט גערעדט דער פּאַרכטיקער מאַן
צו זיין קאַרידנאַל טיסעראַן
— צום רבין,
ר׳ ישו פון נצרת
וויל איך גיין,
אליין.
מיטן וועגל
וואָס פירט
צו די וואַסערן הייליק,
צו די וואַסערן שטיל
פון גליל.

## כב.

און געבוקט האָט ער זיך טיף
און אזוי געזאָגט:
געגליכן צו דעם קין
זיינען מיר דיינע שאָף.
און מיר ווייסן —
קומען וועט דער טאָג פון שטראָף.

### כג.

אָה,
דו גרויסער לערער און משיח,
וואָלטן מיר כאָטש מתרה זײַ געווען
און געשיקט זײַ אַ שליח,
צו דערמאָנען
די רשעים די גערמאַנען
בימי הפרעות
אז ניט הפקר איז אַ וועלט,
וואָלטן אפשר אָט די חיות רעות
זיך ניט קעגנגעשטעלט.

### כד.

אָה,
געזינדיקט האָט דער וואַטיקאַן
און דער מאַן,
דרינען
איז געבליבן האַרט,
עס האָט אים ניט געאַרט.
און ווידער האָט גערעדט דער פּויפּסט:
— אויב דו גלויבסט,
ניט אַלע זײַנען מיר אין גאַנצן שולדיק,
זײַ געדולדיק,
גיב אונדז א תקנה
רחמנא נא רחמנא.

### כה.

אָבער פון אברהמ'ן דער קרבן
דעם פאָטער פון דײַן זאָמען,
איז יאָ אויפגעגאַנגען
זעקס מיליאָן פאַרדאָרבן!
— אין די פלאַמען.

אוי ווי, ר׳ ישו,
ניט אויפן הר מוריה
נאָר אין דאכאו אויף אַ תליה
האָבן צאָן קדושים אָפּגעגעבן
זייער לעבן
און אויך אין נמרודס קאַלך־אויוונס
געשפּרונגען אומגעצייילטע,
די אויסדערוויילטע.

כו.

אַ מורד איז געווען מיין רבי פון נצרת,
אויך זיינע ברידער האָבן זיך געשטעלט
אנטקעגן,
אויף אַלע וועגן.
אין זומפּיקע פעלדער,
דורך האַרבסטיקע וועלדער
אומגעקומען
אויך ווי דו אין קדושה, און אַ מידער
בלויז פאַר זייערע איי־גע־נע ברידער —
פאַרן פאָלק ישראל.

כז.

און אַ תפילה האָט אָפּגעריכט דער הייליקער מאַן
פון וואַטיקאַן
און אזוי געזאָגט:
געבענטשט זאָל זיין דער באָדן,
געבענטשט אירע באוווינער,
דאָס פאָלק ישראל
און אלע מענטשן אויף דער ערד.
שוין צייט פאַרנעמען אייך
די רייד פון ישעיהו
און פאַרוואַנדלען אין אַן אַקער־אייזן
אייער שווערד.

## כח.

די שטאָט ירושלים שטייט באַקראַנצט,
פאָנען פלאַטערן אויף פעסטונגען און טויערן
אין פורפור און אין תכלת פאַרצירט זיינען די מויערן
און צויבערהאַפטע קלאַנגען
פון אַ פידל און אַ פלייט
זאָגן אָן : ער גייט
POPE PAULUS VI
דער אָדלער גאָלד־באפליגלטער פון רוים
ווי אַ צאַרטער טרוים.
צווישן זיינע אויגן רוט אַ טויב,
אין שנעבעלע טראָגט זי אַ ברכה און א לויב —
שלום,
שלום —
פרידן צום פאָלק ישראל.

# טעמערל דעם רבינס

(טעמערל[1] שרייבט צו דוד בלאנק[2])

געווידמעט טאַטע־מאַמען.

מ אָ ט אָ :

און אז דיין שיף וועט שטיין פאראנקערט
אין שיינעם סטאַמבול מירצעשעם
וועסטו האָבן צו פאַרדאַנקען
דעם זיידן דיינעם דעם בעל־שם.

א.

אָ, דוד בלאַנק, איך בין פאַרליבט
כאָטש כ׳צייל שוין יאָרן ווי יעלענא
די צאַרטע טרוימעריין פון טראָי
און ווי יעסענינס אייסאַדאָראַ,
נאָר קויפן קענסטו בלויז מיין זעל
מיט זיסן ניגון פון גמרא.

ב.

און איצט פונדאַנען הויב איך אָן,
מיט גרויס כונה און געבעט,
מיט הייסער תפילה און הכנות.
כ׳האָב ניט געריכט זיך בנאמנות,
אז דוד בלאַנק זאָל האָבן דאָס גערעדט
דער העלד דער ערשטער ווי איר ווייסט
פון לאַמעד פיינבערגס לידער־בוך
און כ׳האָב געפונען אין די רייד זיינע אַ טרייסט
ס׳האָט זיך מיר אויסגעדוכט,
אז ס׳איז איך גאָר — טעמערל דעם רבינס —
וואָס טו נאָך אלץ אין ספערעס זיבן ארומשוועבן.

[1]) ט ע מ ע ר ל, די העלדין פון ש. אייזנס ראָמאַן שרייבט צו [2]) ד ו ד ב ל אַ נ ק, העלד אין ראָמאַן פון ל. פיינבערג.

ג.

איך, דאָס אייניקל פון אַ בעל־מופת,
דער לעצטער תלמיד פון ישראל בעל־השם,
האָב דיך צום סוף באַגעגנט יתברך השם.
און דיך דערקענט, ס׳איז וואָר,
אין טרויעריקן בוך פון „פאַרמשפּטן דור[1])
און כ׳טראָג דיר אונטער שלום מיט גרויס כּבוד.
נאָר געפונען האָב איך דיך מיין ברודער דוד
אַ׳אָפּבליאַקעוועטן אין שמות א פאַרשטויבטן,
פון אלע אידעאַלן אַ בארויבטן
—איך, וואָס מיטן ערשטן שפּראַץ אין יונגן לייב
בינסטו געווען אין מיין געדאַנק,
פאַרמוח׳טער פאַרבענקטער, דוד בלאַנק,
און ליד נאָך ליד האָב איך געגעבן א געשאַנק
צו עמעצן וואָס האָט א רגע מיר געשאָנקען רו
און אויסגעקוקט ווי דו.

ד.

איך שרייב צו דודן — וואָס ליפּן האָט ער דינע,
אויגן שטילע און זיידן ווייכע האָר.
איך בין ניט גענישׂ שאָר[1]),
און נישט אפילו רינאַ[2]),
וועסט מיך פאַרבייגיין אויף דער גאַס
און ניט באַמערקן גאָר.
ווען דו שפּרייזט ארום פאַרחושט
מיטן פאלטען אויף די אקסל ווי אַ פּעלערינע.
איך בין בלויז טעמערל,
ארויסגעזיפּצט פון אַ תחינה.
מיין מאמע די צדיקת א בת־טובים
האָט כשר אָפּגעהיט שבתים און יום־טובים,
געכאָוועט איר יינגסט טעכטערל
און זי שפּעט אנטוויינט,

[1]) פּאָעמע פון לייב פיינבערג.

[1-2]) העלדינס פון בוך „פאַרמישפּטער דור".

ה.

האָט טעמערל מיט אַלע קבֿ־הישר מעשיות
מיטגעוויינט.
און צוזאַמען מיט דער מאַמעס מילך
האָט זי געזויגן אויף די אהבה צו איר שטאַם.
איך זאָג דיר, דוד, דאָס איז ניט בלויז אַ גראַם
צו ריימען מיט אַ צווייטער שורה,
נאָר ניט יעדן איז באַשערט
אז כשורה
זאָל אָפּפליסן זיין לעבן
יעדע שעה זאָל נאָר הנאה געבן
און יעדעס יאָר זאָל אומקערן
דאָס געזייטע קערנדל כפלים,
מסתמא שוין א זאַך מן השמים.

ו.

ווי עס טרעפט ביי לייטן —
האָסט חתונה ;
ברענגט דאָס ערשטע יאָר — אַ קינד,
קויפסטו דיר אַ לעמעלע,
האנדלסט איין א רינד,
און עס וואַקסט
דיין שאָף און דיין פאַרמעגן
און דיין הויזגעזינד.
אַ בר־מצוה,
אַ ברית־מילה
וחוזר חלילה.
באַשערט איז באַווערט
און עס קען ניט זיין פארקערט.

ז.

אין וואַרעמען, אין ווייכן נעסט
פון האשה מרת מרים־לאה,
האָט טעמערל זיך אויפגעצויגן.

פונדאַרט ארויסגעקוקט אינדרויסן
מיט גאַטספאַרכטיקע פרומע אויגן,
געשפּיגלט זיך אין זיידן יעקב פרוט
און תמיד נאָר געהערט — „מען טאָר נישט".
— מען טאָר נישט
קיין קרומע מינע ווייזן א'אָרים אָרעמאַן
וואָס שטייטביים טיר,
נעם זיך א'אַפּיר פון דער מוטער שרה,
אוי ווי מיר נישט געשען!
האָסטו אזוינס געזען ?!

ח.

ביי א שטומער פליג, וואָס זשומט איבער דער שויב
גאָר אָפּרייסן אַ פליגל ?!
מען טאָר נישט!
אוי, מען טאָר נישט,
פון סאַמע וויגל
האָב איך דיר פארזאָגט
ג'־טס באַשעפענישן
נישט געפּלאָגט.
א זשאַבקעלע ווערט אויכ'עט מיד
— קום כ'וועל זינגען דיר אַ ליד:
„וועסטו גיין יידעלע האַנדלען"
„וועסטו קויפן ראָזשינקעס מיט מאנדלען",

ט.

— — — — — — — — — —
זיינען מאַנדלען שווער געהאַנגען
ווינטער אויף געפרוירן שויב,
זומער אינעם שקיעה־שטויב.
אָבער ברויט ניטאָ צו זאַט;
— פון מלמדות זיי אַ כוואַט —
זאָגט דער יאַדעשליווער טאַטע,
און קנעלט ווייטער:

— אמר רבא,
פרעג דו אשה ניט קיין קשיות,
פריילעך קינדער,
קבצן הוליע!
אוי, רבונו דעלמא כלא.
— ניט אלץ וואָס דאָס האַרץ באַגערט,
איז דעם מענטשן דאָ באַשערט.
ברוך ה׳ יום יום
בלייך איז ער
און זשיפּעט קוים.

י.

דאָס ווייסע אַלקערל
הינטער דער ברייטער וואַנט,
פון לינקס דער באַק־אויוון
האַרט ביי דער טיר,
האָט איבערן ארייגאַנג אַ געבלימלטן געוואַנט,
אין די טאָפּלט־פענצטער וואַטע
און געקינצלטער פּאַפּיר.
דער טאַטע ביים מעריב
די טיר איז אויפן קייטל,
דרייט די מאַמע טיפער
אין נאַפט־לעמפּל ארײן דאָס קנייטל.
זעצט זיך ביים לעזשאַנקע
מיט אַ׳אַרבעט אין דער האַנט,
טוליען מיר זיך, קינדער,
צו די הייסע ציגל
און בעטן נאָכאַנאַנד:

יא.

מאַמע דערצייל
פון חנוכה נס,
פון הייליקן אייל.
פון רשע אין רייסן,

פון יידן דעם גייער,
אין קיטל אין ווייסן.
הויבט אָן די מאַמע
מיט א קוש און אַ גלעט,
רוקט זיך צו נענטער
צום קינדערשן בעטל:
— איך וועל אייך דערציילן
פון דער שריפה אין שטעטל.
—אָ, ניין, מאַמע, ניין,
דו רעדסט אויף צופלייסן,
שוין בעסער פון גייער
אין קיטל אין ווייסן...

יב.

דער עלטער־עלטער־זיידע האָט געהאַט א גוטן שם
געווען א לעצטער תלמיד פון ישראל בעל השם.
באַוויזן זיך אין שטעטל בשעת אַ יריד,
געהאָלפן אַ טרעגער, אַן ערלעכן ייד.
געקלונגען האָט מיט אים אין קרוין־פוילן, אין זשאַמוט
דערמאָנט האָט מען זיין נאָמען מיט אַ הויך אויפן שויב;
— די הענט ניט געוואַשן, א דאנק און א לויב.
פארן גוטן שליח, דעם הייליקן מענטשן,
נאָך היינט שעפּטשען ליפּן און טוען אים בענטשן.

יג.

מעת־לעתן אין גאַנג און חדשים געוואָגלט,
אין היץ און אין קעלט, אין שניי און אין האָגל.
געגאַנגען אין שליחות, געשיקט פון געוויסן,
געטרונקען קאַלט וואַסער מיט גראָען ברויט פאַרביסן.

* * *

מאַכט זיך אַ ברית, אַ בר מצוה פאַראַן,
אין אַ דאָרף אַ פאַרוואָרפנס, ווייט פון אַ באַן,
איילט דער בעל־מופת — די סכנה איז גרויס,
א קליפּה פאַרנאַדיעט זיך, וויל נישט ארויס!

יד.

קלאַפּט ער אויף טירן,
פון קרעטשמע פאַרשנייטער,
ברענגט גוטע בשורות
צו יידן דערפרייטע.
— שטעלט זיך אויף, באַפעלט ער:
— זמן מעריב עד חצות.
בלחש דאַוונט יידן
און מיידט זי אויס,
די סטרא אחרא,
וואָס וויגט זיך אין וויג.
קוקט נאָר אָן דעם בעזעם —
וואָס טוט דאָרט ליגן....

טו.

דער ווינט וואָיעט אין קוימען
און דער בעל־מופת טוט בעטן,
— מיר וועלן דעם עגול
ניט אריבערטרעטן.
גאָט, דו כל יכול,
איך רוף דיך אַצינד,
קער אום דער מאַמען
איר איינציק קינד.
— טוט תפילה, יידן, מיט מיר צוזאַמען,
דאָס קינד אומקערן צוריק צו דער מאַמען.
וויינט די מוטער און קלאָגט:
— ס'איז דאָס דריטע קינד
צוויי פארשלעפּט אין קוימען,
ווי איז איר און ווינד.

טז.

דאַוונט מען פאַרכטיק,
מען דאַוונט בלחש.
די אותיות מען ציילט
אחת ואחת.
און פסוק אום פסוק,
זיבן מאָל זיבן,
ווי עס ווערט אין די הייליקע ספרים געשריבן.
זעט מען באַשיינפערלעך,
זעט מען בחוש,
ס'איז אזוינס ניט פאַרלאָפן
פון הודו ביז כוש.
די ווענט ווייס געקאַלכטע,
די עדות די שטומע,
צעפלעכטן פאַרשאָטנט
די פיאותן פרומע.

יז.

דאָס קינד ליגט אין וויגל.
גרויס זיינען ג־טס נסים :
— מאַכט ברכה, רבותי,
די גזירה איז צעריסן.
שרייט אלע אינאיינעם
השם הוא האלוקים.
— דאָס קינד, מען דארף עס יידישן,
דאָס קינד מיר האָבן אים !
הוליעט די אכסניה
ביז גראָען טאָג אריין,
עס שמעקט מיט האָניק־לעקעך
און מיט צמוקים־וויין.
עס שמעקט מיט מאָן און זאַפרען,
די טישן ווייס געדעקט :
— ס'וועט גאַנץ זיין, זאָגט דער צדיק,
איך דאַרף שוין גיין מיין וועג.

יח.

— — — — — — — — — -
— — — — — — — — — .

דאָס קנייטל טוקט און טוקט זיך,
דאָס נאַפט־לעמפּל גייט אויס.
דאָס אַלקערל צערוקט זיך,
און שווימט אין גאַס ארויס.
פון גאַס ארויס אין געסל,
פון געסל גלייך אין וואַלד,
כ'זע אים גיין פאַמעלעך
טראָט ביי טראָט...
און באַלד,
טוט ער גאָר פאַרשווינדן
הינטער אַ הויכן בוים,
דער גאַרטל בלויז צעפּליט זיך
און איך זע אים קוים...

יט.

און עס לויכט דער מאַמעס פּנים
בשעתן דערציילן.
גאָט זאָל אייך שיקן
חתנים'לעך ווילע,
טעכטערלעך מיינע.
שטעלט זי זיך אויף,
און דעקט אונדז גוט איין.
שטרעקן זיך הענטלעך ארויף צו דער מאַמען
— דערצייל נ־אָ־ך,
דערצייל פון דעם יידן אין זשאַמוט...
— ניין, קינדערלעך,
ניין!
מאָרגן איז פרייטיק און כ'האָב דאָ נאָך שטיין
דעם ראָסל אין אויוון,
אין מולטער דעם הייוון,
די חלה פאַרקנעטן!

צעלאָזענע מוידן, ארײַן אין די בעטן!
— מ־אַ־מ־ע!
...נו, גוט.
זאָל שוין זײַן פון דער שריפה אין שטעטל.

כ.

דײַן זיידע געווען איז
שטאַרק נאָך און יונג.
ער האָט ווי דײַן טאַטע
געקנעלט און געזונגען.
פּאָר גרויסע בײַבאַקעס געהאַלטן אַ שיעור,
דער צעבער אַ נײַער דאָן,
וואָס שטייט ביי דער טיר
פול ווי אַ׳אויג,
מיט וואַסער מיט קלאָרן, —
טאָמער אַ׳אורח פון דאָרף וועט פאַרפאָרן,
אין כוסטער פארכוואַליעט,
און וואָנצעס פארפראָרן.
טרינקט מען אַליאַק
און מען טרינקט אַמאָל צוויי
פון ווײַניקן שײַנעם וויסאָצקיס טיי.

כא.

און כאַצע דער שמייסער
ער טרינקט גאָר אַ שרעק,
אז אַלץ וואָס ער עסט
איז פון הערינג א׳עק.
געזאַלצענער הערינג
און שוואַרצע המוציא,
אַ ברונעם איז ווייניק.
— שוין בעסער אַ כוסה,
פּסקנט ער אָפּ

און בויגט אָן בשתיקה
דעם האַמעטענעם קאָפּ,
צום כאַליאַווע אַראָפּ...

כב.

— קוים אויסבאַהאַלטן דיך, אוצר'ל מיינס,
רעדט דער מגושם אַראָפּ צו דעם פלעשל.
זיסער בינסטו ווי דאָס וואַסער אין פעסל...
ס'איז נאָר גאלובקא פאר זיי — פאר די יונגעז,
וואָס קלאַפּן משוגענערווייז מיט די צונגען,
פארטויבט קען מען ווערן — געשרייען, געוואלטן!
די קולות ביים לערנען — די הימלען צום שפּאַלטן!
זיי גייען צום וואַסער מיט פוילע תּירוצים:
— רבי, אַ טרונק
און צום חבר א ווונק,
כ'וועל וואַרטן אויף דיר
פון יענער זייט טיר.

כג.

אזוי זאָגט דער פורמאַן
און שאָקלט דעם קאָפּ,
ארויף און אַראָפּ...

דער צעבער אַ פולער,
דער שעפּ אויפן האָרן,
פונקט ווי מען וואָלט אונדז
פון אויבן געוואָרנט;
פונקט ווי זכות אבות
וואָלט אונדז אָפּגעהיט.
אַ ווינטער נאַכט, קאַלט —
און די פענצטער פאַרשמידט...
מען זעט גאָרניט דורך
נאָר אַ ראָזעווען ליכט.

## כד.

און א׳בום און א׳־באָ־ם,
ווי פון גרויסן געוויכט
— קופּער אָן שטיין !
און געו־וו־אַל־ד, אַ פּאַזשאַר !
דער בייכיקער גלאָק אז ער קלינגט
— איז געפאַר.
סכנות נפשות, כאָטש לויף אין איין העמד.
אייגן ניט אייגנס
און פרעמד׳ס איז ניט פרעמד...

— ווי אזוי קלינגט ער מאַמע ?
רוקן מיר קינדער זיך נאָענטער צוזאַמען.
— אזוי ווי איך זאָג :
ב־ו־ם, ב־אָ־ם,
פונקט ווי איצט...

## כה.

בלייבן מיר אַלע פאַרגאַפטע דאָרט זיצן.
— ס׳איז טאַקע אַ שריפה...
אוי, קינדערלעך, קומט,
אוי, וויי מיר !
דער בייכיקער גלאָק ט׳זיך צעברומט !
כאַפּט ברויט און כאַפּט מאַנטלען,
וואָס פאַר אַ באַראַט !
אל תפתח פה — דער שטן
זיך צוגעהערט האָט...
כ׳האָב אויסגערעדט זיך
אין א בייזער מינוט
— קינדער, דאָס ברויט !
און פאַרוויקלט זיך גוט.

כו.

וואקסט אַ טעמערל אויף אַ טשיקאַוועס,
לאָקן גאָלדענע און אויגן הייסע
פאר משפּחה זיך צו גרויסן.
—שיינע ליובעלע,
אַ קולכל ווי א סאָלאָוויי —
קוועלט דער טאַטע.

און אויפן פּיסל איז עס פלינק,
אז עס טוט זיך דיר אַ דריי, —
מאַכט די מאַמע מיט א ווונק: —
אַ כפּרה אלע באַלערינעס.

כז.

כ׳האָב געפירט זי אויף מבינות
צו דעם פּאָצטאַרס ווייב,
האָט די ערלטע געפּאַסקנט:
— עס האָט קיין ביינדל ניט אין גאַנצן לייב,
שלאַנק, אַ שלענגל און גראַציעז.
יענע, — האָט צעעפנט דעם קלאַוויר
און געשפּילט אפשר אַ שעה דעם פּאָלאָניעז
און דערנאָך אַ קראָקאָוויאַק,
און דאָס קליינע ווערוריקל
האָט זיך אַלץ געדרייט צום טאַקט —
שמעלצט די מאַמע זיך פון נחת...

כח.

אָבער פּונקט ווי אויף להכעיס
וואַקסט טעמערל ארויס פון „שטאַרבנדיקן שוואַן”
און אלץ וואָס ס׳גלוסט זיך איר:
איז צו געפעלן יעדן מאַן.
צי ס׳קוקט נאָר אזוי אויס —
און עס ווערט דאָס לעבן איר׳ס
גאָר פרי

אַ ביליקע נאָוועלע,
אַ טראַגעדיע אַלאַ־פּאַרי,
אַ פאַנטאַסטישער ראָמאַן.
אַ שטורעם ווינט,
אַ זאַווערוכע,
וואָס לאָזט זיך גאָר ניט צוימען —
און דאָס איז אַלץ — וואָס קומט ארויס פון טרוימען.

כט.

פון אומגיין א פאַרחלומטע,
ווען אַלע זיינען וואַך.
ווען אַלע וויינען
וויל זי דוקא לאַכן.
מאַכט אַ פּנים,
ווי זי אליין נאָר ווייס
פון וואָס אָפּצושפּעטן
און דאָס רעכטע אָפּשאַצן
פון וואָרט גערעדטן.
און אויפן מיסט
וועט זי דיר אויפזוכן
אַ׳אוצר גלייך מיט גאָלד...
פאַר דעם אַלץ
מוז קומען דאָס געצאָלט׳ס.
ווערט טעמערל אַ וועלט פאַר זיך אליין,
וואַקסט זי — ווערט די וועלט פאר איר צו קליין.

ל.

עס גריסט דיך, דוד בלאַנק, שאלוועטא
און גריסן גריסט זי דיך
דורך מישאַ קאַראַים.
אַ מאָדנע זאַך מיט די פּאָעטן,
זיי בלייבן תמיד די גערעכטע...
זאָגט זי אים,
ענטפערט מישאַ איר :

— מיין טעמערל איז אַנדערש.
נאָר עס יאָגט זי אום דער גורל
ווי אַ הונט אַ בייזער אויפן קייט.
זי האָט געוווסט
אי ווייניק פרייד,
אי ווייניק שלוה,
נאָר געפּרווווט איז זי
אין עלנט און אין גויט.

לא.

צוואַנציק פּרוטות וועלן סטייען איר
פון אייערגעכטן ביז אויף איבערמאָרגן,
און דאַרפסטו אויך אַ פּאָר —
וועט זי דיר באָרגן...
דערוויילע, זאָגט זי: — שרייב איך מיר אַ ליד.
און שפּעטער וועל איך זאָרגן...

* * *

באַשערט איז באַווערט
און עס קען ניט זיין פאַרקערט.

זיצט טעמערל, אַ מויד מיט אַ גאָלדענעם צאָן,
ארום די תלמידים און זי אויבן אָן
ארום דעם לאַנגן טיש,
ארום דעם נייעם טיש —
געקויפט פאַר עפּעס מיט ניש'ט.

לב.

זיצט זי ווי דער טאַטע
אַמאָל אין קליינעם שטעטל,
דער שטאָן־ראָק גוט פּאַלאַטעט,
אַנגעשפּאַרט אָן בעטל —
דער טאַטע דער מלמד אויסן אויג.

וואָס טויג
דער דאַנס־פּאַלאַס אויפן ברעג פון ים
און דער רעגנבויגן אין פאָנטאַן
אויף דער נייער פּראָמענאַדע,
זי וועט דאָרט גיין אוודאי?
— די נאָענטסטע פריינט אירע —
אַ גראַם
און אַ פערז וואָס קומט ספּאָנטאַן.

לג.

קלאַפּט זי מיטן בליישטיפט צו
איינס און צוויי און דריי,
בהברה ספרדית.
ס׳איז אַלץ איינס.
סיי ווי סיי,
דאָס עברית־באנגלית
צי יידיש עברי־טייטש...

מען דאַרף האָבן אַ בייטש,
— אַ וואָגן באַרג־ארויף!
אין אפריקע אין גויאישן —
צו עברית בעברית.

לד.

מורה מתי הסוף
(ווען איז דאָס היברו אויס?)
עס טונקלט זיך דער דרויסן
און כ׳האָב נאָך אזוי גרויס
ווי פיאנאָפאָרטע און פראַנצויז.
— לעשן זיך די קולכ׳לעך אויס
ווערט פּוסט דאָס הויז.
פון לאַנגן מונדשטיק
פאַלט אַראָפּ אַ צינדל
אויפן האָניק־בלימל, אויף דער בלוזע,

פון סאַלאָנדל רייסט זיך אויפן האַלדז „קארוזאָ“,
אזוי פרעמד און אזוי ווייט...
צי וואָלט טעמערל צעביטן זיך אַצינד,
מיטן טאַטנ׳ס בין השמשות־מנחה־צייט ?...

לה.

ווען געשפּאַנט האָט ער באַזאַכט
אין סאַמעטן פאַרנאַכט,
פּאַוואָליע און פאַרטראַכט.
מיט הענט פארלייגט אַהינטער
מיט אַ שפּאָרעוודיקן טראָט
דעם גאַנצן וועג פון הויז,
צו גליקעלעס קלויז,
און זיך באַהעפט מיט גאָט.
געזעסן זייט ביי זייט
מיט יידן לומדים, פיינע לייט,
ווען דאָס לערנען איז געווען בלויז לשמה,
אין דער בלאָער סודותפולער שעה...

# אינהאַלט

## ברוינע צעפּ



## מיידל לידער



## כלה ליד



## לידער פון דער פרוי



## גאַבעלענען



## אַדאַליסקאַ־לידער

## אַדאַליסקאַ־לידער



## קיפּאַרים



## געקליבענע לידער



## צו מיין פאָלק



## פּאָעמעס



## אינהאַלט פון בילדער